


חיים זעלצער

געצייכנט : יצחק זעלצער

חיים זעלצער

# שאָטנס אין מידבר

## לידער און באַלאַדן




פאַרלאַג „ישראל-בוך"
תל-אביב, תשל"ט — 1979

לזכרו של חברי וגיסי

**צבי בלוצרקובסקי ז״ל**

דאָס בוך איז געהייליקט דעם אָנדענק פון מײַן חבר און שוואָגער צבי בעלאָצערקאָווסקי ז״ל — דעם ערשטן צווישן די פּיאָנערן פון אונדזערע צעצווײַגטע משפחות אין ישׂראל. און כאָטש די נשמה פון אַ ספר — איז דער לייענער, דאָך שענק איך מײַן בוך די יִינגערע דורות, וואָס קאָנען אים, בעוונותינו הרבים, נישט לייענען. איך גלייב אָבער, אַז זיי וועלן אָפּהיטן די ירושה, און ס׳וועט קומען אַ טאָג און זיי וועלן לייענען אונדזערע יצירות אין מקור.

חיים זעלצער

# צווישן ים און שלאַכטן

## שחרית

באַשעפער,
דו האָסט מיך געטראָגן
דורך פּחדימדיקער פינצטערניש —
אַראָפּגעלאָזט האָט מיך
דײַן האַנט
אין לאַנד פון זון
און זײַן.

*

איך שטיי שוין ווידער אויף דער ערד
און שטראַלן צייכענען מײַן שאָטן ;
מײַן גוף בעט רו, נאָר מײַן נשמה
זינקט ווי בלײַ צו מײַנע זוילן —
מיט שווערע טריט אין גורל־יאָך
גיין אין שפּאַן מיט שטאַם און שטורעם
און שפּורן איבערלאָזן אויף דער ערד
פּאַרבלוטיקטע.

*

דאָס גאַנצע לאַנד איז אַ מזבח
און די כּהנים — אפשר פּלישתּים —
וואָס לויערן אויף די קרבנות
אין גאַס, אין מאַרק און אויף די וועגן.
זיי זענען פרעמדע — — —
גאָט, באַשיץ מיך
פון מײַנע היימישע כּהנים.

דאָס גאַנצע לאַנד איז אַ בית־מקדש,
נאָר נישט ווי יענער, דער צעשטערטער,
ווו יעדער שטיין געווען איז הייליק —
אויף אים קיין שטאָל איז נישט געקומען,
די האַרטע הענט פון פרומע בויער —
זיי האָבן קיין מאָל נישט געגזלט,
אין גלײַענדיקן בליק דאָס פײַער
האָט נישט געברענט מיט גרינער קנאה,
און ס׳האָט דער אויפגאַנג אין די אויגן
קיין מאָל זיך נישט אויסגעלאָשן.

ווער זשע האָט דעם בית־המקדש
נאָר אַ מאָל אונטערגעצונדן ?

*

און דערזען האָב איך דעם גלות
וואָס געבראַכט איך האָב אין קלומעק,
און דעם מוטנעם טײַך פון יִאוש
וואָס אַליין האָב איך צעגאָסן.

אויפגעהאָנגען אויף דער ווערבע
כ׳האָב מײַן ווײנענדיקן פידל—
האָבן שׂונאים אָנגעקוואָלן
און אַוועק אין טאַנץ־געווירבל,
און אַ לידל מיר געזונגען:
„הענגען וועסטו
נעבן פידל...״

*

כ׳בין אַנטלאָפן צו די קינדער
און דערזען דעם טוי אין אויגן,
געלן זאַמד־ברעג, גרינע פעלדער,
בלאָע ימען — ווײַסע שיפן,
טיפע אָפּגרונטן און בריקן
צו דער שטאָט פון טויזנט זונען.

*

און אַרויסגעוואָרפן האָב איך
אויפן מיסט דאָס רוגעטראַנק,
און אַרויסגעפירט מען האָט עס
מיט דער פרײַער מיסט־מאַשין.
כ׳האָב געהערט אַ מיסטיש לשון
און דעם סאַמע ערשטן פויגל:
פרי־לי־פרײַ,
פרייד־לי־פרי —
פרילינג־פיבער,
איבער־פלי...

האָט אַ שפּרונג געטאָן דער דאַך —
וועגן האָבן זיך צעוויקלט,
גרינע ווײַט, מחשבות בלאָע
אין דער הייך.
לײַכטע זילבער־וואָלקנס שטומע,

שטאַמען צוויי און קרוינען צוויי,
נעסטן צוויי אויף צווײַגן.

זינגט אַ פייגעלע:
צוויט־צווי־ייִט.
ענטפערט ס׳אַנדערע:
צווי, ס׳צוויט.

ערשטער פליפּרווו—
ער און זי.
זע, ווי כ׳פלי.
ס׳צוויט, איך פלי!

זיצן ביידע אויף אַ צווײַג,
כאַפּן פייגעלער אַ שווײַג.
האָבן פייגל־מחותּנים
אויפֿן אָרט געשריבן תּנאים,
און אַ חופּה באַלד געשטעלט:
פייגעלער, ס׳איז אײַער וועלט, — פליט!

*

פון דער נעסט אַרויסגעפלויגן
איז מײַן שוועסטער.
זיבן זענען מיר געוועזן,
אין דער נעסט געבליבן זעקס.

פון דער צווייטער נעסט אַוועק
איז מײַן חבר —
אַכט געוועזן זענען זיי,
זיבן אין דער נעסט געבליבן.

האָט דער ווינט אַ שיף געטריבן,
און געשווומען איז די שיף
ביזן ברעג פון תּל־אָביב.

און געקומען איז אַ בריוו
פון דער נײַער ווײַסער שטאָט
און געהייסן האָט די גאַס שמעון פרוג.
און דער שטעמפּל אויפן בריוו
האָט געזאָגט און אָנגעזאָגט ס׳גוטע יאָר —
דאָס שוואַרצע יאָר 1933...

*

צוויי — מײַן חבר און מײַן שוועסטער
האָבן זייער נעסט געבויט,
האָבן אונדזער נעסט געבויט די ערשטע,
אויף די צווײַגן פון אַ שטאַם.
דאָ אין לאַנד, אין הייסן זאַמד —
שטאַם איבערגעפלאַנצטער.

זוכן וועט מען ווען עס איז,
קינדער וועלן פרעגן,
און דערציילן וועט אַ שטיין
וועגן וואָרצלען אינעם לאַנד.
וואָרצלען אונדזערע אין זאַמד —
ערשטע.

*

ערשטער יאָרצײַט — נאָך אַ רינג
אין דער קייט פון אייביקייט.
שבחים — אַרבעט אין דער וואַנט,
מעשׂים — בלוט און אײַזן.

און אַוועק איז ער אין וועג,
און פאַרשוווּנדן פונעם אויג,
פלאַנצן יאָרצײַטן אין בערג,
צייכנס — אויף די וועגן.

מיר דעריאָגן וועלן אים,
אים דערציילן וועלן מיר
וועגן דורות נײַע,
וואָרצלען אונדזערע ווי טיף,
אונדזער שטאָם צעצווײַגטער שטאָלץ,
ווי צעוואָקסן זיך די קרוין
אונטער פרײַע הימלען.

אונדזער בוים האָט זיך צעבליט:
ווײַסער צוויט און בלאָער צוויט,
און די פייגל אין דער פרי
זינגען שחרית: ס׳צוויט־צווי־צוויט.

## די פרוי

די פרוי
וואָס זיצט
לעבן טויטן שטיין
אויפן ברעג —
זי איז דער בלאָער געוויש
פון שוימיקע כוואַליעס,
דער ווינט
וואָס פײַפט אין די אויערן
פון טויבע שטיינער,
דער אָטעם אין וואַרשטאַט
פון מײַנע דורשטיקע אויגן
וואָס האָבן געזוכט און געפונען,
געטעסעט דעם שטיין און געשליפן —
פון גאַרנישט באַשאַפן
די שטיינערנע פרוי
אויפן ברעג.

*

דייַן העמדל —
וועו וואַשט דיר ?
זי פרעגט מיך :
— ווער קאָכט דיר ?

— איך בין אַ פאַרקאָכטער
אין לעבן,
איך דאַרף נישט
נישט קאָכן, נישט וואַשן —
מײַן הויט איז מײַן העמדל,
דער רעגן — מײַן וועשין,
די זון איז מײַן קעכין.

*

איך בין אַ באַזאָרגטער
מיט זון און מיט ברעגן,
אין הימל — אַ רענדל,
פאַרברווינט איז מײַן העמדל,
מײַן וועשין — דער רעגן
מיט שפע געבענטשטער ;
מײַן תפילה — אַ מעווע,
די זריחה — מײַן פרישטיק,
דער מאָלצײַט — אַ ביסן,
מײַן העמדל צעביסן.

*

מײַן לייבעכע זיסע
מיט צײנדעלעך שאַרפע —

מײַן פּערל, מײַן טרערל,
איך בין דער געזאַלבטער,
דער זינגער.
איך דאַרף נישט קיין ווינקל,
קיין דירה,
איך וווין אין מײַן שירה,
די הויט איז מײַן העמדל.

*

איך בין דער באַשערטער
פון בענקשאַפט אין אָוונט,
פון וואַרעמע ברעגעס
אין קאַלטע געלעגערס —
מײַן קעכין צעשפּענדלט
אַ שטראַל אין דער פינצטער,
די וועשין שטייט אויף
און געפינט נישט מײַן העמדל.

*

מיר זאָגט אָן די מעווע —
נישט פּלוצימדיק־פּלוצים
וועלן מיר זיך טרעפן
בײַם ים ערב שטורעם,
ווי אַלטע באַקאַנטע
פון היימישע קאַנטן,
אויף בריקן פון סודות
אין תהומען פון יאָרן —
מיר, נאָענטע ווײַטע,
באַזונדער איינייִנעם,
מיר זענען געלאָפן
אייננאַנדער אַנטקעגן
צו שקיעה — — —

## דער ערשטער

איטלעכער צווייטער אין לאַנד
איז אַ מאַן.
איטלעכע צווייטע אין לאַנד
איז אַ פרוי.
איטלעכער צווייטער אין לאַנד —
אַ צעצווייטער.
דרײַ אויפן ברעג:
אַ גאַסט, אַן עולה, אַ ניצול.
ס׳פעלט דאָ נאָך איינער —
דער פערטער — דער ערשטער.

*

שלאָפן די וועגן
אויף שטיינערנע קישנס.

שפּליטערס אין אָנשיטן אַלטע
געדענקען:

רעגנס אין מאַרך
פון צעפּיבערטע ביינער,

ווינטן אין הערצער
און צעלטן פון ערשטע,

ווייַטן — נישט ווײַטער
פון זאַמדן אין מידבר,

הייכן — נישט העכער
פון שטערן אויף שטיינער.

## גאָט, ווי נאַריש

דער,
ווען מענס זאָמען דו טראָגסט אין בלוט
איז אַוועק קאַיאַר אין אייביקער נאַכט —
אין חלום צו דיר וועט ער קומען.

די, וואָס געווען איז
זײַן לעבן און לײַב
זיצט אויפן דיל
און נייט אויס מיט גאָלד
אַ מאָנאָגראַם אויפן ציכל צוקאָפּן.

גאָט,
ווי נאַריש דו האָסט אונדז באַשאַפן.
גלייבן אין דיר
און נישט גלייבן דעם רעגן —
דאָס שטיינערנע ציכל ער וועט נישט פאַרבײַטן,
דער וועשער.

*

אַ פלוצימדיקער רוף, אַ פּרווו —
פּאַראָלן.
ווער עס ווייסט וועט וויסן.
ער גייט אַרויס צום וועג,
הייבט אויף די האַנט
און פּאָרט מיט אומבאַקאַנטע ביזן שיידוועג.
און ווידער טרעמפּ,
אַ וואָרט אויף רעדער,
און אויף־צו־כּלומרשט שלאַכטן —
אין דער אמתן,
אַ שפּיל מיט בלײַענע סאָלדאַטן
פלייש און ביינערדיקע.

## אומעט — אַ ים

צווישן שלאַכטן און ים
אַ שווייַגנדיק הויז.
אויפן זיבעטן שטאָק
פאַרשטיינערטע שבעה — — —

אַ בילד אויף דער וואַנט:
אויפן ברעג פון באַגינען
אַ גרויער פישער
אין גומענע שטיוול.

פאַרוואַרפט ער דאָס העקל
ווי ווייַט נאָר ער קאָן
און וואַרט
ביז דערפילן אין האַנט וועט ער
צאַפל — — —

צוויי פישעלעך
אויף אַ צעשוווּמען געזיכט
און אומעט —
אַ ים
אין טיף
פון שוואַרצאַפּלען.

## ליידיקע שטולן

דער הימל האָט זיך פאַרשפּיגלט אין ים,
און וואָלקנס שווימען די פיש.
אין צעשויבערטן בלוי
מיט די פּיסלעך אַרויף
שוועבט אַ געגרייטער טיש;
זילבערנע קערות מיט קאַרפּן־קעפּ,
שטיקער לוויתן מיט כריין.
און ליידיקע שטולן אַרום לאַנגן טיש —
נישטאָ למד־וואָוו יודעי־חן.

זיי זיצן אין אַלע משיחישע טורמעס
ווי מאַלפּישע זעברעס פאַרשטעלט,
שוועבן אין הימל ליידיקע שטולן.
ראַטעווען ווער וועט דיך, וועלט?

*

ימים־נוראים אַ קיילעכדיק יאָר —
ס׳ציטערן פיש אין ים.
אויף קבר־בנים גייט אַ פּאָלק
צום יונגן פאַרשניטענעם שטאַם.

נשמות אין הימל, קדושים אין תהום —
מזל־דגים סיי דאָרטן, סיי דאָ;
אויף קבר־בנים גייט אַ פּאָלק
צום שטאָלענעם צאַם אויפן דנאָ.

ים־שטערן דרימלען, קאַלטבלוטיקע פיש
גוססן אין משיחישער נעץ.
און קיין חיי־שעה נישט פאַראַנען — נישטאָ,
נאָר איין לאַנגער און בלוטיקער קץ.

## פאַרבאָטענע שחיטה

מאָל איך אַ בילד:
צווישן ים־שטערן דאָרט
יונה הנביא רײַט —
ער שלעפּט די פיס
אויפן זאַמדיקן דגאָ.

דאָס נאַרישע ים־אייזל טראַכט,
אַז מותר הבהמה מן האדם אָין —
נישטאָ, נישט געווען,
אלא וואָס?
מענטשן מאַכן
און שרײַבן געשיכטע
און קומען אום, נעבעך,
פון פאַרבאָטענער שחיטה.

*

איך מאָל נישט קיין בילד:
וואַסער איך שנײַד מיט אַ מעסער.
איך דאַרף נישט קיין שאַרפשטיין,
נישט צוגעטראַכט האָב איך
די מעשׂה.

צו וואָס זאָל איך שנײַדן דאָס
וואָס גיסט זיך ווי בלוט? — — —

געקווילעט מען האָט מיך,
די קינדער מע שעכט
אָן אַ מעסער.

## אין אָפּענעם ים

דאָס, וואָס דער ים וואַרפט נישט אַרויס
ליגט אויפן דנאָ.
ליגט אויפן דנאָ פון נעכט,
ליגט אויפן דנאָ פון קרישטאָלענע נעכט,
ליגט אויפן דנאָ פון וועלט,
ליגט אויפן דנאָ פון אונטערוועלט,
וואָס פירט אָן מיט דער וועלט
און פירט אַרויס אונדזער טאָג
מיט אַ שטריק
און אַ שטיין אויפן האַלדז
צום אָפּענעם ים.

*

הוידען זיך קינדערישע וועלטן
אין זיידישע אויגן —

לויפן נאָך אויגן פון זיידעס
נאָך קינדערישע וועלטן —

פאַלן אויף שטיינער קינדערישע וועלטן
און וויינען —

לויפן און פאַלן אויף שטיינער וועלטן
און שוויַיגן —

ליגן קינדערישע וועלטן
אונטער די שטיינער —

אין אויגן פון זיידעס הוידען זיך
קינדער און שטיינער.

# אין שווימיקן זאַטל

ס׳יאָגן די כוואַליעס:
איינע, די צווייטע, די דריטע.
מאָלט זיך מיר,
ווי אויף די כוואַליעס
וואָלט איך געריטן
פון ווײַטן.
פון ווײַטן — אַ לײַכטער
צעזוניקטער רײַטער,
אין שווימיקן זאָטל — אַ קינד
מיטן ווינט אין די פּאַטלעס,
מיטן האַרץ אין די הענט,
אויפן הילצערנעם פערדל
אין ברעגיק־געזאַלצענעם גאָרטן.

*

לויפן די פערדלעך —
איינער דעם צווייטן דעריאָגט נישט,
אײַלן די טעג —
איינער דעם צווייטן דערזאָגט נישט.
קומען די זאָגערס
און טײַטשן דאָס נישט־דערזאָגטע.
קומען פּרשנים און מאַכן
אַ רעשיקן פּירוש.
קומען מפרשים און מאַכן
אַ פּירוש מפורש.
קומען די פאַרשער און זוכן
אַ זאָגער, אַ יורש.
אײַלן די טעג —
איינער דעם צווייטן דערזאָגט נישט.
אײַלן די פערדלעך
איינער דעם צווייטן דעריאָגט נישט.

## אין קריַיזעניש

וואָלטן צוויי נעכט זיך באַגעגנט,
וואָלט שוין קיין טאָג נישט געווען
נאָר אייביקע נאַכט.
ווײַל אויסגעגאָן זענען די טעג
סײַ דאָרטן, סײַ דאָ —
אומעטום.

*

און טיפער פון טיף איז די הייך,
און העכער פון הייך איז די טיף,
און ווײַטער פון ווײַט — אינעם קרײַז.

אַ וועוועריקל לויפט אינעם ראָד,
דאָס שטײַגעלע שטייט אויפן אָרט.

*

און אַלץ וואָס אין קרײַזעניש איך שרײַב,
קאָן איך פאַרווינקלען.
און אַלץ וואָס אין באַהעלטעניש איך שרײַב,
קאָן איך צעווינקלען,
און אַלץ וואָס כ׳שרײַב און כ׳שרײַב נישט
קאָן איך באַהאַלטן.

ווײַל אַ שופלאָד איז דאָ,
און אַ טיש איז פאַראַנען,
און אַ ווינקל אין דר׳היים,
און אין דרויסן — אַ זון,

און אַלץ וואָס איך שרײַב
האָט נישט קיין מורא פאַר
ליכטיקער שײַן.

## קאַיאָר אין טאָל

וועט זײַן אויפֿן וועג
וואָס רופֿט מיך קאַיאָר
וועט קומען דער וועג אין אַ טאָג. —

ער וועט מיך נישט רופֿן,
נישט רופֿן ווי פֿריִער
און אײַלן אָן מיר וועט דער וועג —

גאַס אײַן, גאַסן אויס,
באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ
ביז אָנשפּאַרן וועט ער אין טאָל —

ווו שטיין איז געבליבן
מײַן וועג לעבן שטיין
און אײַלן ער וועט שוין אָן מיר.

*

דער באַרג הייבט זיך אויף פֿונעם טאָל
אין דער פֿרי. ער באַטראַכט
דעם אַראָפּ און אַרום:
באַגין — גרין נישט גרין,
גראָ נישט גראָ — פּאַזע ברעג
טאָגט אויף און צעיאָגט זיך דער וועג.
ער לויפֿט ווי אַ סטרונע,
ער ציטערט און ברומט
און טוליעט זיך צו ווי אַ קינד
צו דער וואַרעמער ברוסט
פֿון ייִדישן ים —
די גרענעץ און טויער
צו וועלט.

## נאָר דער ווינט

רו.
אין שפּאַנונג
פון בלוטיקער
סטרונע
טיף־בלאָער קלאַנג
איז פאַרבאָרגן —
אַ שטומער.

וועט די פאַרגליווערטע האַנט
זיך נישט רירן,
נישט צופּן די סטרונע..

נאָר דער ווינט.

נאָר דער ווינט
וועט אַ צופּ טאָן
די בלוטיקע סטרונע
נאָר די נאַכט
מיט אַ שפּיציקן נאָגל
אין האַרצן —
אַ קלאַנג פון טיפן
וועט קומען,
וועט ברומען —

אַ בלאָער,
אַ נאַכטיקער,
שוואַרצער.

## גילגולים פון כמאַרעס

צי מוז מען די וואָלקנס
צעטרייַבן ?
דער ווינט וועט זיך מיִען,
אַראָפּשיקן וועט ער אַ רעגן
און אפשר דעם האָגל,
גילגולים פון כמאַרעס
אויף דערנער־גילגולים,
אויף זאַמד
און אויף שטיינער.

*

ניין,
נישט אויף זאַמד,
נישט אויף שטיין —
אויף בלוט
און ביינער
שטייט אונדזער משכּן
אין מיטן
דעם אַלטן,
אין מיטן
דעם נייַעם
בית־עלמין.

און די כּהנים
טרעטן אויף קברים.
ווער וועט אונדז
בענטשן ?
ווער ?

# באַלאַדע וועגן עלנטן גרעבער

א

בער מים־חיים האָט ער געהייסן,
דער עלנטער גרעבער פון חברה־קדישא.
ער פלעגט נאָך דער אַרבעט הינטערן שטעטל
קערניצעס גראָבן.

נאָך מעריב פלעגט ער נעמען דעם ריסקאַל,
אַרויסגיין צום שיידוועג, דליבען און גראָבן,
ביז נאָך חצות, און אַהיים גיין פלעגט ער
כאַפּן אַ דרימל.

צו מאָרגנס געקומען און ווידער געגראָבן,
ביז נישט אַראָפּ איז אין גרוב די לבנה.
ביז נישט פאַרנעצט די פיס האָט דער גרעבער
בער מים־חיים.

וואַסער — שעפּן מען דאַרף פון ברונעם —
אַוועקשטעלן וועט ער אַ הילצערנעם בושל,
אַן אײַזערנע קייט וועט שיקן און ברענגען
דעם בלעכענעם עמער.

רעב בער האָט געפונען דרײַ חשובע ייִדן. —
האָט איינער געשאָנקען געהילץ פאַרן בושל,
אַן אײַזערנע קייט איז מנדב דער צווייטער,
אַן עמער — דער דריטער.

שטייט שוין אַ בושל, מתּנת פּלוני בן פּלוני,
הענגט שוין אַ קייט — נדבת פּלוני אַלמוני,
אַ בלעכענער עמער לזכר פּלמוני, וועט שעפּן
דאָס וואַסער פון ברונעם.

ב

מען האָט אים געררופן רעב בער מים־חיים
דעם עלנטן גרעבער פון חברה־קדישא —
אויפן אַלטן בית־עלמין האָט ער געגראָבן
גריבער פאַר מתים.

נאָך מעריב פלעגט ער גיין מיטן ריסקאַל,
געפינען אַ שיידוועג, גראָבן און זאָגן
ביז נאָך חצות — געזוכט האָט דער גרעבער
לעבעדיק וואַסער.

ביז נישט אַראָפּ אין גרוב זענען שטערן,
ביז נישט גענידערט צו אים האָט די שכינה,
ביז נישט דערהערט כליופען און כליפּן
אונטער די קנאָפּלען...

בוקן זיך איבער די ברינעמער בושלען
אין אָנדענק פון פּלוני בן פּלוני פּלמוני,
און שטיינערנע קאָריטעס שטייען לזכר
פּלוני בן פּלוני.

דאָרשטיקע וואַנדערער קומען אויף וועגן —
קלינגען די אײַזערנע קייטן לזכר,
שעפּן די בלעכענע עמערס פון קוואַלן
לזכר די קדושים.

טרינקען די דאָרשטיקע לעבעדיק וואַסער
פון ברינעמער וועלכע געגראָבן נאָך מעריב,
שפּעט אין דער נאַכט דער פאַרגעסענער שליח
פון חסד של אמת.

## דער הילצערנער בושל

טרוקענע צווײַגן —
אַ באַרג אויף מײַן רוקן
איך טראָג אויף אַ שטריק באַרג־אַראָפּ.

דאָרט — אונטן אין טאָל
כ׳וועל צעבלאָזן אַ שײַטער,
כ׳על וואַכן און וואַרטן.
וועט קומען אַ רײַטער
און אָנפּאָיען ס׳טרויעריקע פערד
פונעם ברונעם,
און שװײַגנדיק,
פונקט ווי געקומען —
אַנטרינען.

די ערד האָט פאַרשאָטן
דאָס מויל פונעם ברונעם,
פאַרשלונגען די שטערן.
שטיל —
אין אַ קנויל פאַרוויקלען זיך וועגן,
פעדעם פאַרשטויבטע.
די נאַכט האָט דעם קנויל
ווי אַ קאַץ מיט דער לאַפּע
אין שײַטער פאַרקײַקלט.

דער באַרג טראָגט אַרויס די זון
אויף זײַן האָרב —
דעם רוקן פאַרבויגן,
דער הילצערנער בושל
צעשפרייט זײַנע פליגל —
אַוועקגעפלויגן.

# מזל שירה

*

אורנה'ן

אויגן ווי בליצן,
ווערטער — כמאַרעס
פֿון ליד צו ליד
געדיכטערע;

עפּעס דאָרנדיקס,
עפּעס וואָרנדיקס
אין כאַקי־ניגון
פֿון דיכטערין —

עטוואָס שמייכלענדיק,
עטוואָס איכהדיק —
שפּאָרעוודיקע
שפּע אין ווערטער.

עפּעס נעפּלדיקס,
עפּעס עפּלדיקס —
קײַלעכדיקער חסד;
באַשערטקייט.

# דער שני למלך אין גאַסן

אין שטאָט אַרײַן איז געקומען אַ ייִד,
איז ער געוואָרן אַ ראָד צווישן רעדער.
אַ צווייטער האָט זיך באַזעצט אין אַ דאָרף
און ווי אַ באָקסערבוים זיך צעוואָקסן.
אַ דריטער געהאַט האָט אַ גוייִשן מזל,
האָט ער אַ קרוין און אַ בענקל געירשנט —
געוואָרן דער קיניג פֿאָן צימעס־מײַערן.

דרייען זיך רעדער און רעדלעך אין שטאָט,
ביימער צעצווײַגטע בלײַען אין דערפֿער.
איך בין אין דאָרף נישט געוואָרן קיין בוים,
קיין ראָד נישט געוואָרן בין איך אין שטאָט,
קיין גוייִשן מזל האָב איך נישט געהאַט —
בין איך געוואָרן אַ ייִדישער דיכטער,
אַ שטיקל שני למלך אין גאַסן.

אין שטאָט אַרײַן קום איך, כ׳זיץ אויף אַ באַנק,
און שרײַב אויף די קני מײַנע לידער.
דערזעט עס דער מלך און זאָגט מיט פֿאַרדראָס:
„חיים, ס׳דרייען זיך רעדער אין שטאָט,
ביימער אין דערפֿער גרינען און בליען,
דו, פּוסט־און־פּאַסניק, לידער דו שרײַבסט,
ווער זשע וועט שרײַבן געזעצן?

אדוני המלך — כ׳פֿאַרנייג זיך און זאָג —
אַוודאי געדעכט ביסטו, ליכטיקער האַר,
און קלוג ווי דער טאָג ביסטו, דײַן מאַיעסטעט,
און שרײַבן געזעצן דאַרף מען — אַוודאי,
און מאָנען, און מאָנען, און מאָנען שטײַערן,
נאָר מוחל, מלך פֿאָן צאָלער, פֿאָן צאָלערן,
פֿאָן האָהען־צאָלערן, פֿאָן צימעס־מײַערן.

## באַלאַדע וועגן אַלט־געבאַקענער חלה

שטייט דער בלינדער מיט פושקע אין גאַס
און וואַרט אויפֿן בלעכענעם קלאַנג.
לויפט אַ גוט־ברודעריש ווינטל פאַרביי
און ס׳קלינגט אַ גינגאָלדיקער זאַנג.

קאָרנברויט האָט זיך דעם בלינדן פאַרשמעקט;
אַ כאַטקעלע רויבערט אין פעלד,
אַ פייַערל פינקלט און ווינקט אין דער ווייַט —
ווער זאָגט אַז ער זעט נישט די וועלט?

די בלעכענע פושקע ער נעמט פון דער ערד,
דעם שטעקן פאַרקלעמט ער אין האַנט,
ער קלאַפּט מיט די אויגן אין שטיינערנעם ברוק
און טאַפּט מיטן שטעקן די וואַנט.

רבונו־של־עולם, פיר מיך, — ער בעט —
פיר מיך אַרייַן און אַרויס
פון גאַס אין גאַס, פון שטאָט אין שטאָט,
ביז קומען איך וועל צום הויז

מיט לויטערע שויבן און שבת־ליכט־חן,
צום פענצטער מיטן ברייטן קאַרניז,
וווּ טייבעלעך שרייַבן ווינטער אַ לויב
אויפן שניי — מיט פאַרפרוירענע פיס;

וווּ הונגעריקע נשמות קומען פון גרוב
צום פענצטער דרייַ מאָל אַ טאָג,
מאַכן המוציא איבער אַ קאָרקעלע ברויט
וואָס וועגט אַ פוד אויף דייַן וואָג.

— פֿאָטער אין הימל, שטראָף נישט דײַן פֿאָלק
וואָס פֿאַרגעסן האָט דעם ערלס „גאָטהעלף!“
ווען ערב שבת האָט אַ ייִד אויף דער שוועל
צעהאַקט אַ שײַט האָלץ אויף דער העלפֿט;

די ראָשטשינע וואָס האָט אין מולטער געיווירט
דעם ניגון פֿון זמירות אין זעט —
און 'צור משלו אכלנו' בײַם טיש,
ווײַל צעבריקעוועט איז מען און פֿעט;

אויף סמיטניקעס עיפּושט, אין רינשטאָקן קלאָגט
דײַן גענאָד פֿון לאָנעס ווי גאָלד —
אַלט־געבאַקענע חלה, ווו קומט זי אַהין?
אָ, שטראָף נישט, פֿאַרגיב דײַן פֿאָלק

אין זכות פֿון זקנים וואָס בענטשן דיך
און שאַרן אין דלאָניעס פֿון טיש
ווי אַש פֿון מזבח אַ קרישקעלע ברויט
צי אַלט־געבאַקן, צי פֿריש — — — —

און ריינע נשמות וואָס קומען קאַיאָר
פֿון טבילה אין מקוואות פֿון בלוט,
דערקוויקן דאָס האַרץ מיט אַ ברעקעלע ברויט
וואָס וועגט אויף דײַן וואָגשאָל אַ פּוד.

וואָס וועגט אויף מײַן דלאָניע אַ פּוד.

## מייַן באַלעבאָסטע

אַ שטילער צולהכעיסניק
איז אין מייַן מוח
געזעסן,
אַרייַנקומען פלעג איך
אַהיים
ווי אַן אורח,
אַ פרעמדער;
כ׳האָב גערן געשקראָבעט
די קאַלטע שיריים
פון קעסל,
געטראָגן הכנעהדיק
אַלטע,
געלאַטעטע העמדער.

איך האָב מייַנע טעג
מיט געלעבערטן מעסטל
געמאָסטן,
געזוכט און געפונען
דעם חסד
פון אָפענע טירן: —

שענקט, באַלעבאָסטעלע,
אַ פענעצל
טרוקענע חלה,
אַ לעפל געקעכץ
צו דערהאַלטן
דאָס האַרץ
פון מייַן שירה.

## דיר — אָן אַ ווידמונג

כ׳האָב דיר ביז איצט קיין ליד נישט געווידמעט
און כ׳וועל דיר נישט ווידמען —
מיר האָבן אַ לעבן אינאיינעם געמזלט,
אינאיינעם געלידלט.

אַ פידל באַגלייט האָט אין פריידן און ליידן
אונדזערע יאָרן.
מיר זענען זײַן גוף, זײַן נשמה, זײַן אָטעם —
זײַן ניגון געוואָרן.

אַמאָל האָט אַ סטרונע געפּלאַצט — אין דער מיטן
אַנטשוויגן געוואָרן,
און אָרעמער זענען געוואָרן די קלאַנגען —
לויטער געיאָמער.

באַגלייט אונדז אַצינד אַ דרײַסטרוניקער זקן —
אַ קלאָגער אַ גרויער,
דער פידלער — אַן אַלטער פאַרכמאַרעטער שאָטן
וואַרט לעבן טויער.

ער האַלט אין די הענט מײַן פאַרשרומפּענעם אָרון —
דעם קאַסטן פון פידל.
איז וואָס, אַז מיר האָבן אינאיינעם געוואָגלט,
אינאיינעם געלידלט?

## גאָט איז געווען מײַן שכן

עס גייען אַפּריִער די וואַסערן אָפּ,
דערנאָך ווערט דאָס לידקינד געבוירן.
און אויב דער געבורט, חלילה, איז שווער,
איך שלעפּ עס נישט פאַר די אויערן.

כ׳פּיל שוין דעם אָטעם פון ליד וואָס וועט זײַן,
וואָס איז ערשט השערה און סברא.
און דעמאָלט דערהער איך דאָס ערשטע געשריי —
אַ ליד איז מיט מזל געבאָרן.

אין וויקעלער ליגט עס. דערנאָך, אין אַ טאָג
באַלײַכט עס די וועלט מיט אַ שמייכל.
זאָג איך: כּי טוב! ווײַל אַ שמייכלענדיק ליד
וועט הייכן און ווײַטן דערגרייכן.

ווייס איך אַצינד, ווען איך גיי באַרג־אַראָפּ,
ס׳ברענט הינטער מיר דער באַגינען—
דער טאָג איז נאָך גרויס,
די זון מיך באַגלייט,
ביז קומען אין טאָל כ׳וועל אין גרינעם.

און איך וועל פאַרבלײַבן אין אייביקן טאָל
אויף שבת און אויף אין דער וואָכן.
אַ סטעזשקעלע פירט פונעם טאָל באַרג־אַרויף
צו גאָט,
וואָס געווען איז מײַן שכן.

# געפֿין איך אַ שטעקעלע

אַ טעפּעלע וואַרעמס
איך טרינק אין דער פֿרי —
מיט פֿייגעלעך מאַך איך
דעם ערשטן לחיים.

צום שרײַבטיש פֿאַל איך צו
און כ׳פֿאַרשרײַב
דאָס ערשטע וואָרט
וואָס קומט מיר אַנטקעגן.

אַ וואָרט און אַ וואָרט
ווי פֿעדעם איך צי —
פֿאַרביקע ווערטער
פֿאַרוועב איך אין שורות.

נאָר ווײ,
ווען ס׳פֿאַלט מיר אַרײַן אין האַנט
אַ קנײַלעכל שוואַרצע
פֿאַראומערטע פֿעדעם,

לייג איך אַוועק די פֿען
אין אַ זײַט,
דעם שרײַבטיש פֿאַרלאָז איך
און גיי מיר שפּאַצירן.

געפֿין איך אַ שטעקעלע —
כ׳שרײַב אויפֿן זאַמד,
און כ׳מעק אויס
אַ שוואַרצן טאָג פֿון זיכּרון.

## אַ צלם — אויף דײַן וואָרט

כ׳וואָלט שרײַבן די שורות
צ ו ו י ש ן  ד י  ש ו ר ו ת
וועגן גוט־מאָרגנס,
און וועגן קומט־מאָרגנס פון
טויבע וועגט און לעמפּעלער שטומע,
וואָס הוזקן אָפּ
פון מײַן קעלבערנעם צוטרוי.

דאָך שרײַב איך די שורות,
נישט צווישן די שורות
ווי אויגן אַן בושה
באַגראָבן די בושה
אין שופלאָדן פולע
מיט פוסטע דיבורים
און ליידיקע איוודע־וואָך —
מירטשעם־הבטחות.

אַן עבירה די שורות
צווישן די שורות —
די ריינע רווחים,
דער אָרעמער לוין
פאַר מײַן גאַנצער מי
אויף דער וועלט —

אַ צלם
איך שטעל אויף דײַן
וואָרט

## וועבט זיך אַ מעשׂה

זיצט אויף דער שטול דער גרויסער באַדינער,
אים קעגנאיבער — דער גראָער באַדינטער,
און צווישן די צוויי, אויפן טיש אין אַ טעקע,
אַ יאָר מיט אַ וואָך ליגט אַ זומער, אַ ווינטער.

אַ יאָר מיט אַ וואָך וועבט זיך אַ מעשׂה
וועגן אַ זעלטענער טײַערער ירושה —
נישט וועגן רבינס סויבלענעם שטרײַמל,
נישט וועגן שטעקן און דעם צדיקס מלבושים,

נישט וועגן דער פּושקע און ליולקע־ציבעק,
נישט וועגן שטעקשיך אונטערן רבינס געלעגער —
אַ יאָר מיט אַ וואָך איז פֿאַרלייגט אויפֿן קייטל
דאָס צינגל, דאָס קלינגל פֿון בלעכענעם זייגער.

— אַ וועקער.
דרײַ מאָל אַ טאָג פּלעגט ער רופֿן
צו תּפֿילה: צו שחרית, צו מנחה און מעריב.
דער ערדקײַלער ליגט ווי אַן אתרוג אין וואַטע,
ס'ע הענגט איבער וועלטן צעפּאַרעטע כמאַרע,

אַ זילבערנער זקן דרימלט און חלומט —
אַוועקגערויבט האָט מען די צײַט מיטן וועקער,
איז ער פֿאַרשלאָפֿן צו עבודת הבורא —
געליימט איז דאָס צינגל דאָס קלינגל פֿון גלעקל.

אַ בלײַענע שטילקייט קלינגט אין די אויערן —
אַ בשורה אויף בלאָע, פאַרגליווערטע ליפּן?
אַ ניגון אויף סטרונעס פון טויטע שטאַכעטן,
מיט ליימענע פינגער אויף טרוקענע ריפּן.

קלאַפּט אין די טירן דער גראָער באַדינטער.
פון יענער זײַט טיש — אויבנאָן דער באַדינער;
אַ יאָר מיט אַ וואָך פירן שטומע וויכּוחים,
אַ לעבער אַ ווײַסע און אַ גאַל אַ געל־גרינע.

קלאַפּט אָפּ דער זקן די שוועלן פון וועלטן,
שפּינט זיך און וועבט זיך אַ זעלטענע מעשה —
אַ יאָר מיט אַ וואָך פירן טויבע וויכּוחים
אַ זומער אַ שמייכלער, אַ ווינטער אַ כּעסן.

דער זילבערנער זקן עפנט די אויגן —
דעם רבינס ירושה האָט ער געפונען,
דער ציפערבלאַט בלינד, די ווײַזערס פאַרגליווערט —
דער וועקער איז דאָ; נאָר די צײַט איז אַנטרונען.

— אַ וואָך מיט אַ יאָר שוין? — שטוינט דער באַדינער.
אַ יאָר מיט אַ וואָך! — פאַרריכט דער באַדינטער.
ליגט אין אַ טעקע אַ זעלטענער אוצר,
וועבט זיך אַ מעשה אַ זומער, אַ ווינטער —

אַ שאָד — — — —

## זאָל האָבן מײַן ליד אַן עליה

צו דײַנע לידער דעם שליסל איך זוך —
שטעקט פון יענער זײַט טיר אינעווייייניק...
און מיר איז הײַנט גוט, ווײל איז מיר הײַנט,
אַראָפּגעוואָרפן אַ שטיין פונעם האַרצן —
איך האָב מײַן כּתב־יד אויף הפקר געלאָזט
און ווידער אַ פויגל בין איך אַ פרײַער.
אַוועק אין דער וועלט אַרײַן כ׳בין פונעם הויז
דעם שליסל אין טיר געלאָזט האָב איך שטעקן.
אַנטשולדיק מיר, פרײַנד, אויב קומען דו וועסט,
עפן די טיר — איך וועל נישט פאַרזאַמען.
און דאָר, אויב פאַרהאַלטן איך וועל זיך אין וועג,
זײַ מוחל, דעם שליסל לאָז איבער אין דרויסן.

*

כ׳בענטש דעם וועג וואָס אײַלט אָן מיר
צום הויז מיט דרײַ טאָפּאָליעס פון פאָרנט.
אָט גייט אַרויס אַ פרוי פון דער טיר —
מײַן נאָמען זי טראָגט אין די אָרעמס.
דעם טאָג — מײַן ווײַטן געבוירנטאָג
האָט די אייביקע נאַכט אויסגעשטראָכן.
דאָס קינד — מײַן לעבעדיקן נאָמען איך הער,
איך וועל אים שוין קיין מאָל נישט הערן.
מײַן האַרץ — עס קלאַפּט אין זײַן ברוסט,
מײַן האַרץ איז אַנטשוויגן געוואָרן.
מײַן וואָרט — מײַן שפּראַך איז אים פרעמד,
געווען איז אַ ייִדישער דיכטער — — —
אַ שטיין אויפן הייליקן אָרט
אפשר וועט עמעצער קומען.
אַ טרער? — איך דאַרף נישט קיין טרער,
נאָר טוי אין די אויגן פון בלומען.
מײַן ליד אין פאַרגעסענעם בוך —
זאָל האָבן מײַן ליד אַן עליה.

## די לעצטע פּאָדקאָוועס

אין שפּע פון שײַן פאַרשווינדן די שאָטנס
אויף וועגן פון וואָגל —
צי קאָן מען פאַרגעסן דעם היימישן וואָגן,
דאָס פערדל — דעם אָדלער ?
און פּלוצעם — נישט פּלוצעם
פאַרקלאָגן דעם קאַשטן צום ונתנה־תּוקף —
יאָווען זיך תּיכּף דרײַ טויבע מלאכים,
אַ כּנענישע טראָיקע,
און פּסקענען :
אויסשפּאַנען גיכער, צעהאַקן דעם דישל,
אויף שטיקלעך — דעם וואָגן,
און רופן די חברה־קדישא : צעגראָבן,
פאַרדעקן די סלידן פון רעדער
אויף שליאַכן פון אָבות,
און רײַסן קריעה, און קדיש זאָגן
נאָך מאַמע־לשון —
און — צדקה תּציל ממוות,
אַ צעבראָכענעם גראָשן אין פּושקע...
דערנאָך,
אָן ציטער אין האַרצן, אין טומל
פון גאַסן און ייִדישע קינדער
אַליין פאַרן ציימל פירן דעם קאַשטן
צום גויִשן שינדער.
די לעצטע פּאָדקאָווע —
אויבעט אַ קרן,
אין דינסט פון משיחישן ממון —
אַ סגולה אויף שוועלן
פון פרומע געוועלבער
און כּשרע קראָמען.

## דאָס זילבערנע וויגליד

אונטער אַ שטיין וועט מײַן שוויַיגעניש שוויַיגן
און אויסקריצן וועט מען „פה נטמן״:
דאָ רוט דער לשון פון יִדישן דיכטער —
גראַמען — — — ניגונים — — — און ריטמען.

קאַיאָר מיט די פייגל, מיט גראָזן און ביימער
האָט ער געמאָלט און געזונגען;
אַ קינד האָט אין וואַסער אַ שטיינדל געוואָרפן
און ער האָט פאַראייביקט די רינגען.

און אָפּשטעלן, אויסגלעטן וועט זיך דאָס וואַסער,
דעם נאַכט־שטילן הימל פאַרשפּיגלען,
מײַן שטערנדל — ס׳וועט די לבנה עס פאַרוויגן
און זינגען דאָס זילבערנע וויגליד.

שטיל אויפן ברעג. הערן ביימער און גראָזן:
אוי, אַל תשליכנו לעת זיקנה —
דאָס אייביקע וויגליד, די זקנישע תּפילה
איידער אין שלאָף מיר פאַרזינקען.

## דער אייביקער משל

איציק מאַנגערן לזכר

א

אַוועק איז דער דיכטער אויף שטעגן און וועגן
זוכן דעם טאָג אין לעבן — דעם בעסטן.
האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין קינדער־געסל
צו טאַטע־מאַמע, צו ברידער און שוועסטער.

דערשײַנט מיט אַ ליכטל אין האַנט דער זיידע:
— זוך נישט, איציק, דעם טאָג דעם בעסטן,
ביזקל נישט אויסגעלעבט האָסטו די יאָרן —
דער גליקלעכסטער טאָג איז אפשר דער לעצטער.

דער גליקלעכסטער טאָג איז אפשר דער לעצטער.

ב

אויף שטעגן און וועגן אַוועק איז דער דיכטער
זוכן דעם טאָג אין לעבן — דעם שענצטן.
אין שטעט, איבער לענדער האָט ער געבלאָנקעט —
פרעגט אַ צעשטראַלטע אכסניא: — דערקענסטו?

דערשײַנט דער זיידע — אַזוי טוט ער זאָגן: —
צי מיינסטו, איציק, דער טאָג איז דער שענצטער?
וואַרט ביזן לעצטן הויך פון דײַן אָטעם,
זוך — ביזן לעצטן שטראַל אין דײַן פענצטער.

זוך ביזן לעצטן שטראַל אין דײַן פענצטער.

ג

און זוכן דעם טאָג אין לעבן, דעם ערגסטן,
אַוועק איז דער דיכטער אין ווײַטסטער שטרעקע;
אויף טײַכן געשיפט זיך, געגנידערט אין טאָלן,
געקלעטערט אויף בערג און געקרײַזט אין סטעפּעס.

ווידער־אַ־ מאָל רופט דעם זיידנס קול: — זוך נישט
דעם ערגסטן טאָג ביז דער לעצטער מערכה —
אומזיסט איז די טירחה, אייניקל, זעסט דאָך,
די ביטערסטע טעג האָבן דיך נישט צעבראָכן.

די האַרבסטע טעג האָבן דיך נישט צעבראָכן.

ד

און אויסגעשיילט האָט זיך די וואָר פונעם חלום —
דער דיכטער שפּאַנט ווידער אויף שטעגן פון מאָרגן
און וואַרט אויף די טעג: דעם שענצטן און בעסטן,
און ביטערסטן — זענען זיי אַלע פאַרבאָרגן.

און איין מאָל האָט אָנגעקלאַפּט עמעץ פון דרויסן,
דעם לעצטן שטראַל אינעם פענצטער פאַרלאָשן,
צוקאָפּנס צוויי וואַקסענע ליכט אָנגעצונדן
און שאָטנס דערציילן דעם אייביקן משל.

שאָטנס דערציילן דעם אייביקן משל.

## מיר גייען צופוס

דער אַלטער וואָס האָט מיך אין שפּיגל באַגעגנט
זאָגט מיט אַ שמייכל: — גוט־מאָרגן!
אַ לעבעדיק וואָרט... כ׳ווייס אַנדערע ווערטער
וואָס ליגן ווי מתים אין מאָרגן;

אין וועג־קאַטאַסטראָפעס צעמזיקטע ווערטער
אויף טויטע, פאַרגליווערטע ליפּן,
צעפלעטשטע דיבורים ווי בלעכענע פליגל,
אין ברוסטקאַסטנס — ברוכט פון ריפּן.

מיר גייען צופוס און היטן די ווערטער,
חלילה זייער בלוט נישט פאַרגיסן;
אַ לעבעדיק וואָרט איז פלייש, הויט און ביינער,
דאָס שיינע און אויבעט דאָס מיאוסע.

(און גאָט זאָל באַהיטן מיך פון לשון־הרע
וואָס טרעפט ווי אַ מעסער אין האַרצן,
אויף ווײַסע געלעגערס נעכט אין תכריכים
און טעג אונטער מיטה־דעק שוואַרצער).

דערפאַר האָב איך ליב ווען ס׳ברענגען קאַיאָרן
אַ לעבעדיק וואָרט מיר אַנטקעגן —
די פוסגייער בענטש איך, און גאָט זאָל באַשיצן
די ווערטער וואָס אײַלן אויף וועגן.

## ייִדיש־מאַרסאַייִש

דייַן האַנט איז אַ חלף, דאָס וואָרט — אַ שפּיז,
ווי קאָן איך נאָך זינגען אין וואָגל ?
(ישעיהו שפּיגל)

דאָס בריוועלע שרייַב איך אין יאָר תשרק״א
פון עולם המנוחה, פון אייביקער נאַכט.
מיט הענעטשקעס ווייַסע און בלאָע חלפים
האָט מען דערקוילעט די ייִדישע שפּראַך.

שפּאַנט אויפן אָרט אַ מאַסקע אַ ווייַסע ;
איבערן תהום גייט אַ ייִד אויף אַ שטריק.
מאַרסעליש־מאַרסאַייִש הוידעט אַ מאַמע
ס׳געשאָכטענע עופעלע אין ליידיקער וויג.

די פּאַריתומטע ליאַלקע האָט עמעץ געפונען —
ער קניט, און בלומען ער זוכט אינעם גראָז,
ער לייגט זיי אָוועק אויף אַ בערגעלע אומעט,
ער וויינט — דעם הימל פרעגט ער : פאַר וואָס ?

הענט — ווייַסע טויבן צעשפּרייטן די פליגל,
אין פלאַמען פון שקיעה זיי ווערן פאַרברענט,
אין ליכט פון פּראַזשעקטאָר — רויטע חלפים —
מאַרסעליש־מאַרסאַייִש שמועסן די הענט.

די רעכטע אויף לינקער שטיינערנער דלאָניע —
צי שאַרפט זי דעם חלף ? צי גרייט זי דעם קץ ?

— — — — — — — — — — — — — — — —

דיין וואָגל־וויי־וויגליד פון מאַמע־לשון
כ׳האָב אויף מאַרסאַייש איבערגעזעצט.

# מזל שירה

געוועץ איז די נאַכט מרה־שחורהדיק־בלינד,
ווי פּײַל אויסן בויגן געפלויגן דער ווינט,
געטראָגן־פאַרטראָגן ווי אַ בלאַט מײַן געמיט —
ער האָט זיך באַמיט צו דעריאָגן מײַן ליד.

צי האָט ער דעריאָגט? כ׳ווייס נישט. איך ווייס,
דער ווינט האָט געיללהט, געוועץ איז ער בייז,
געטריבן ער האָט מיך פון פרעמד אין דער פרעמד,
געריסן די האָר, פונעם לײַב מיר — דאָס העמד.

אַרויס פון די כּלים, פאַרגאָסן דעם ברעג,
די בריקן צעשטערט און באַהאַלטן מײַן וועג
אונטערן וואַסער — — — מיט ברוגזן ברויז
אַרײַן דורכן פענצטער, פאַרטריבן פון הויז

אַרויס. — איז געשוואומען מײַן קאָפּ אויפן האַלדז,
געפילט אויף די ליפּן כ׳האָב טעם פון זאַלץ,
עס האָט מיך געשלײַדערט, געטראָגן צום ים
דערטרענקען סײַ מיך, סײַ מײַן קאָפּ מיטן גראַם.

געקומען צו הילף איז ווי תּמיד מײַן ליד —
נישט איין מאָל סע האָט מיך פון צרות פאַרהיט.
געוויזן מיר אונטערן וואַסער דעם וועג,
אַרויסגעפירט מיך ממעמקים צום ברעג.

געוועץ איז די נאַכט מרה־שחורהדיק־בלינד.
געטראָגן־פאַרטראָגן ווי אַ בלאַט מײַן געמיט —
דעריאָגן מײַן ליד זיך באַמיט האָט דער ווינט.
זעט אויס, נישט געכאַפּט האָט דער רוח מײַן ליד.

## אַ לויב צום אין־סוף

אַ בוים מיט זײַן שאָטן
אין ווײַסן פּאַפּיר,
אַ וואַלד אַ פאַרדאָרבענער
צווישן די טאָוולען.
איך זע עס אין שלאָף,
אָט־אָט ווערט עס וואָר —
מײַן ספר.

דער בחור הזעצער
וועט קויפן אַ ברויט,
דעם דרוקערס באַשערטע —
אַ פאַרביקן שירעם,
דעם אײַנבינדערס ווײַב
וועט באַנײַען אַ קלייד,
און איך — דער מחבר —
וועל ברענען.

איך גלייב —
פאַראַן אויף ד ע ר וועלט
נאָך אַ וועלט,
די ברואים די דאָרטיקע
גלייבן אין גאָט
און מיר זענען זײַנע מלאכים
וואָס ברענען און ווערן אין פלאַם
נישט פאַרברענט.
וואָס זינקען אין תּהום
פון צעכוואַליעטן וואָרט
און טויכן אויף בריהש
מיט לויב צום אין־סוף:
קמץ אַלף — אָ!

# ביימער זאָגן ווידוי

*

נישט קיין אורח אין דײַן חלום —
קום איך נאָך אַ מאָל און ווידער,
און דו מאָנסט צוריק דעם שמייכל,
נאַריש קינד.

כ'בין פאַרמישפּט צו פאַרשאָלטן
בלאָנקען אייביק אין דײַן חלום,
זוכן — קיין מאָל נישט געפינען מער
דײַן האַנט.

און דער הימל איז פאַרוואָלקנט
ווי די גראָווע אַלטע הערצער
מיט געקאַרבטע יאָרן ווי דער בוים.

קרומע צווײַגן האַרבסטיק־שווערע,
ס'טריפט דאָס בלוט פון צאַרנעפּל,
טראָפּנס פאַלן צו דער ערד ווי בלײַ.

אָסיען האָט פאַרקאָכט אַ בלאָטע —
וועלן מיר ביידע זי צעכליאָבטשען
און מזומן בענטשן מיטן ווינט.

## צאַרטע שאָטנס

אַ ביימעלע ביימלט זיך הינטער מײַן פענצטער —
אַרומגרויזן כ׳וועל עס.
אַ פלויט כ׳וועל פאַרפלאַנצן לעבן מײַן הײַזקע,
אַ שער וועל איך קויפן,
אַ סטעזשקעלע כ׳האָב צו מײַן שוועל אויסגעטראָטן —
איך וועל עס ברוקירן.

נישט ווי מען פלאַנצט אַ בוים און אַ פלויט,
נישט ווי אַ סטעזשקע צו אייגענער שוועל —
כ׳וועל שרײַבן אַ ליד ווי מע כאָוועט אַ קינד
צו גאָט און צו לײַט —
און נישט ווײַל איך וויל —

*

איך שרײַב, ווײַל איך מוז, אַ פּ י ל ו
ווען אַלף איז אַלף פון אומגליק,
ווען פּא איז די פּא פון פאַרלירן,
ווען יוד איז די יוד פון יסורים
ווען למד — איז לעבן און לאַכן,
ווען וואָוו איז ווי און געוויין,
ווי איינער וויל לעבן, ווי איינער מוז שטאַרבן —

*

איך קאָן דיר צוליב טאָן — פאַרשווינדן, אַנטרינען,
נאָר ווער וועט דײַן זעלביקייט היילן — מײַן שאָטן ?
איך בין דאָך דײַן חבר, פאַרשוואַרץ מיר דאָס פּנים.
דו ביסט מײַן באַגלייטער — פאַרלויף מיר די יאָרן
פון פּאָרנט, מײַן שאָטן, און הינטן אַרומערט —
פאַריאָג מיך, צעטרעט מיך, פאַרקלאָג און באַשולדיק,
אַבי זאָלסט געזונט זײַן, מײַן איידעלער חבר,
דער גוטער, דער בעסטער, דער צאַרטער — דער צאַרטסטער.

## ס'איז פֿאַלג מיר אַ גאַנג

אַ יובל אַהער, אַ יובל אַהין,
אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ —
אַ ייִד לעבט ביז הונדערט מיט צוואַנציק.
איז וואָס?
דעם ייִדן געדענקט ער?
אויף משיחן וואַרט ער?
ס'איז פֿאָלג מיר אַ גאַנג ביז ווייסט אים דער יאָר —
פֿון בראשית ברא ביז אַחרית הימים.
דאָס איז דער וועג פֿון דור צו דור.

פֿון מיר צו דיר איז ווײַטער אַוודאי —
דאָס צווייטע ליקל, דאָס דריטע הויז,
און שטײַגן בערך הונדערט מיט צוואַנציק —
איז וואָס?

*

זע עלנט-ווײַ-ווילדגראָז
האָט אויף מײַן שוועל זיך צעוואַקסן.
אין גאַס אַרײַן טראָגן —
כ'וועל ברענגען מײַן טיר אויפֿן רוקן.
און אָפּשטעלן וועלן זיך מענטשן
און לייענען דאָס שילדל:
דער נאָמען, זיי זאָגן, איז אַ באַקאַנטער —
אַ קלעזמער.
מײַן פּנים, זיי ברײַען, אַוודאי באַגעגנט —
אַ מאָלער.
די ליסינע, טראַכט מען, מסתּמא
אַ גרויסער פּראָפעסאָר...
אַ קינד האָט געזאָגט:
דער מענטש טראָגט אַן אָפענע טיר.

## דער איכישער טורעם

צעפלאָנטערן זאָל איך די וועגן? — אַ קשיא.
דער קנויל אין מײַן האָריקער האַנט
איז פאַרבײַלט.
און אָנכאַפּן אויב דו ווּעסט פּרוּוון אַן עק,
רײַסט ער זיך אָפּ ווי אַ זײַטיקער וועג
וואָס פירט נישט אין ערגעץ,
כאָטש פירן ער פירט
צו דער פאַרמאַכטער אָפענער טיר,
צום איכישן טורעם
אין האַרץ פון דער שטאָט,
נײַן איילן אין דר׳ערד
אויפן דרײַסיקסטן שטאָק.

*

פונעם אייבערשטן גאָרן
וואַרפסטו אַראָפּ דײַן האָפענונג.

פאַלט זי אַראָפּ ווי אַ קאַץ אויף די פיס
און אַנטלויפט.

ווּ וועסטו זוכן די קאַץ
וואָס איז איצטער אַנטלאָפן?

ווען אַלע ראַבע קעץ
זענען שוואַרץ אין די נעכט —

אויף מיסטקאַסטנס וויינען און לאַכן
היימלאָזע קעץ —

קעצעלער בלינדע
זייגן די שײַן פון דײַן האָפענונג.

## וואַנדערט אַ כמאַרע

פון שטיינערער הייך
קוק איך אַראָפּ —
אַ מוראַשקע.

פון שטיינערנער טיף
קוקן אַרויף
מײַנע פּחדים.

ערדישע וואַקלעניש
זוכט דעם געלענדער
אין הימל —

וואַנדערט אין שפּיגל
פון מײַן נשמה
אַ כמאַרע —

פּאַלט זי אַראָפּ
אויף שטיינערנעם ברוק
מיטן רעגן —

גומענע רעדער
טובלען זיך
אין מײַן נשמה.

## דער שטיינערנער מבול

א

וואַקסן די שטעט
אין דער לענג,
אין דער ברייט,
אין דער הייך —
שטיינערנע חיות
בייסן די פעלדער
און דראַפּען די וואָלקנס.

אַ גיכע אויסרײַסעניש
אויף גרינע פּרדסים,
אַ שוואַרצע אויסקומעניש
אויף בלאָע טײַכן,
און אויסכאַפּעניש
אויף זוניקע לאָנקעס.

ב

שטייען אונדזערע
אַלט־נײַע שטעט
פּנים אל פּנים
און פּלייצע צו פּלייצע —
אָט־אָט וועט די כוואַליע
פון שטיינערנעם מבול
אונדזערע הערצער
און ברעגעס
פאַרפלייצן.

## אויף אַש פון פּרדסים

א

עמעצער ערגעץ באַגעגנט זײַן זיווג —
הײַנט אויף דער נאַכט
וועט מען ברעכן אַ טעלער,
נישט גאָר קיין טײַערן —
עטוואָס געשערבלט.

אַ סגולה צו מזל,
אַ זכר לחורבן,

אַ רמז אויף שפּליטערס
וואָס מאָנען אַ תּיקון:
צוויי לעבנס —
איין לײַב,
איין לעבן.

אין שטיינערנער נעסט
וועט מען כאַוועז אַ דריטן —
דעם ערשטן...
דעם צווייטן,
דעם דריטן,
דעם פערטן.
און ווידער אַ מאָל
מאָנען דורות אַ תּיקון.

פייגל אויף ביימער,
קינדער אויף זײַלן
אין שטיינערנע נעסטן
אויף אַש פון פּרדסים.

ב

כ׳קוק אין דער פינצטער
מיט אויגן פאַרמאַכטע,
כ׳זע אָפענע טירן
און פענצטער צעפראַלטע,
און קיינעם,
און גאָרנישט
אַרום און אַרום.

און פלוצים — אַן עכאָ
ווי קלאַנגען פון איכה,
ווי בערעלעך
קלאַמערן זיך
וויסטע מחשבות
און ביטערער רויך
עסט מײַנע אויגן.

ס׳ברענען בעל־פּרחו
באַבלעטערטע צווײַגן,
ס׳רויכערן זיך בערדיקע
גליטשיקע וואָרצלען —
תּשעה־באָב
אינעם צעאַקערטן פּרדס.
— — — — — — — —

בערגעלעך אַש
אויף צעהרודעטן באָדן —
גרײַז גראָע קעפּ
פון ווינטן
און רעגנס.

## בלעטערפאַל לעצטער

אַהיים וועל איך גיין מיטן לענגערן וועג —
ווײַטער פון חרובן פרדס.

און לעבן דער פּאָסט האָב איך זיך דערמאָנט —
כ׳בין שולדיק אַן ענטפער

דער ערד. וויפל דאַרף דען אַ בלימעלע פעלד? —
דעם גאַנצן ערדקײַלעך.

דער בין: וויפל הימל־בלאָ דאַרף דען אַ בין?
פון הימלען פון זיבן.

דער זון: וויפל דאַרף דען אַ גרעזעלע זון? —
די זונשײַן אינגאַנצן.

דעם קינד וואָס הוידעט זיך דאָ מיטן ווינט —
די לופט פון אַרומען.

מײַן וועלט — אַ בלימעלע האַלט איך אין האַנט —
אָט וועט זי פאַרוועלקן.

מײַן לוח הענגט אויפן בוים, מײַנע טעג —
בלעטערפאַל לעצטער.

## מײַן בלאָער תק״אַלף

מײַן אויטאָבוס פּאָרט.
ער האָט נישט פּאַרשפּעקטיקט.
אָז מיר וועט ער פּאָרן.

ער טראָגט דעם של־ראש —
אויפֿן שטערן אַ נומער,
מײַן בלאָער תק״אַלף.

בײַכיקע לערערקעס
פּלאַפּלען און שטריקן
כּיפּהלער ווײַסע.

צוויי שילערקעס
גייען אַראָפּ אין כּפר בתיה
פֿון שיר השירים.

צוויי טײַבעלער וואָרקען
אין מײַן נשמה —
וועסנע צעבליטע.

אין שפּיגל
ווינטשט מיר מײַן קאָפּ
דער פּאַרשנייטער
אַ גוטן שליטוועג — — — —

## איך נײַ מיר אַ בײַטל

אַ קלונג צינדט זיך אָן —
אַ קרעכץ מיט אַ זקן
איז אויסגעשטיגן.

מײַן פרײַנד פון גיורא
טאַפּט מיטן פינגער
דעם בלינדן זייגער.

אין שוואַרצע ברילן
שפּיגלען זיך אָפּ
ליכטיקע וועגן
— — — — — — —

אַ קלונג צינדט זיך אָן —
איך גיי נישט אַראָפּ
פונעם געלעגער.

דער לוח
הענגט אויף דער וואַנט,
מײַנע טעג —
אויף אַ טשוועקל.

איין מאָל אין חודש
כ'וועל קומען אין פּאָסטאַמט —
איך נײַ מיר אַ בײַטל.

## האַלב אויף האַלב

איך שטעל אַן מײַן אויער אויף לענגערע װעלן —
װײַל קירצער מײַן טאָג.
מיט זינגפייגל פרײַע
כ׳מוז שוין נישט קנעלן.

און צוגעשיקט האָט מיר מײַן גרױסער פאַרזאָרגער
אַ יומטובדיק צעטל:
„עד מאה ועשׂרים!״ —
ביז הונדערט מיט צװאָנציק,
אַ גוטע עלטער!

װעל איך מיר פאַרפלעכטן די יאָרן פון דאָרטן
מיט יאָרן פון דאָ —
האַלב אויף האַלב;
זעקס צענדליק געבראַכטע,
זעקס צענדליק באַשערטע,
אויב גאָט װעט מיר שענקען.

װער װייסט? —
מוז מען אַן עצה זיך געבן:
צעשפּענדלען די יאָרן
אויף פיר און אויף פינעף,
דאָס פלעמל זאָל דעכען,
דאָס חיות דערהאַלטן.

און לידער —
במילא פאַרפלעכט איך די לידער
פון דאָ און פון דאָרטן.
צי קאָן מען צעטײלן
דאָס בינטעלע יאָרן,
אַ לעבן צעשפּאַלטן
אויף צװיי?

##ביימער זאָגן ווידוי

מיַין פלייש און בלוט
איך פיר פאַרן הענטל
אין קינדער־גאָרטן.

פאַרשניטענע שטאָמען
קושן די ערד
און הייבן די הענט צום הימל.

אַ שטאָלענער ליאַזג און גערודער
באַגלייט מיך
ביזן טירל דעם גרינעם — — —

אַ קלונג צינדט זיך אָן —
אַ קינד האָט פאַרלוירן אַ זעקעלע:
ברויט, צוויי מאַראַנצן.

אין בלאָען תק״אַלף
אויף פאָדערשטער באַנק
פאָרט מיַין פריַינד פון גיורא.

איך זיץ אין דער היים.
ווער איבערן וועג
וועט היַינט אים אַריבערפירן?

דער שטאָלענער משחית
רעוועט אין פרדס —
ביימער זאָגן ווידוי.

## שאָטנס אין מידבר

און יעקב האָט זיך באַזעצט אין גושן,
און בלינדערהייט
פאַרפלאָנצט דעם שטעקן
וואָס מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך
פון כנען.

איז געוואָקסן אַ בוים,
און געוואָקסן דער שאָטן
לעבן דעם אַלטנס שוועל.

ווען איבערגעפירט מען האָט זײַנע ביינער
האָבן פיר הונדערט וועסנעס
באַגלייט אים — — —

און נאָך פערציק וועסנעס
אין זאַמדן פון אומקום.

און נאָך איין און זעכציק
ביז איך בין געקומען
פון רײַסין
צו ירשענען טרוקענע ביינער,
צעבראָכענע לוחות,
און שאָטנס אין מידבר
וואָס קינדער פאַרברענען
אויף שײַטערס
אין גאַסן
פון יומטובדיק־
בליץ־באַלויכטענע שטעט.

## תּהלים לעבן גרינעם טירל

לעם גרינעם טירל כ׳הער זיך צו צום ניגון
מיט טעצעלער און גלעקעלעך באַגלייטער...
און פלוצים אין דער הייך איך זע אַ שׂרף —
אין שלאַכט סע רופט זײַן מעשענער טרומייטער.

— — — — — — — — — — — — — —

און טאַטעס אויף די וועגן צו דער גרענעץ
אויף רעדער אײַלן מיט די בלאָע ווינטן,
זיי טראָגן אין די הערצער קליינע היימען,
אין די שוואַרצאַפּלען — שלאָפנדיקע קינדער.

און עמעצער וועט גיין און מער נישט קומען,
אַן אַנדערער וועט קומען און נישט גיין,
וועט עמעץ בענקען אין די נעכט און שווײַגן,
און רעדן ס׳וועלן טעג צו זיך אַליין

— — — — — — — — — — — — —

גאָט, ברענג אַהיים די טאַטעס צו די מאַמעס,
אין קינדער־גאָרטן שטיי איך אויף דער שמירה,
די הוידלקעס, די גרעזעלעך, די בלומען
אין גערטנדל איך היט לעם גרינעם טירל.

# ער איז געקומען

אַ גאַנצן טאָג
בין איך געזעסן,
צעפּלאָנטערט דעם קנויל,
צעקניפּט און צעבונדן,
מיט ווערעשקע האָב איך
דעם פאָדעם געמאָסטן.

די זון איז פאַרגאַנגען.
נאָר איך האָב
געלויכטן —
זיבעציק ווערעשקעס
אָנגעציילט האָב איך,
אַ מהלך פון פרי
ביז אָוונט
ביז שפּעטן.

איך זע אים. —
אָט גייט ער,
דער מענטש
מיט צען אויגן,
מיט טונקעלע ברילן
און ליכטיקע פינגער,
וואָס האָבן צעפּלאָנטערט
דעם קנויל פון געדאַנקען
און קולות־געפּלעפּט
אין אַרומיקן טומל.

# שטערן אויפֿן יאַריד

אמר —
געזאָגט האָט דער בייגלמאַכער:
קיין שטערן פון הימל האָב איך נישט געכאַפּט.
נײַן איילן אין דר׳ערד
ליגט דער גערעכטער,
דער כאַפּער
האָט אָנגעכאַפּט גאָט פאַר דער באָרד.

איך גיי בעת איך שטיי
און זיצנדיק לויף איך;
אין קעשענע טראָג איך די ווײַט און דעם וועג.

איך מוז נישט דעם דנאָ פון קריגעלע גרייכן.
אויב האָניק, —
גענוג איז פון אויבן אַ לעק.

## מקח־טעות

דאָס גילדענע פישל האָב איך נישט געכאַפּט —
מײַן ייִדענע האָט נישט געמאָנט קיין קאַרעטע.
מיר האָבן געמאָסטן די וועגן צופוס,
און אָפּגעלייגט הײַנטיקס אויף מאָרגן, אויף שפּעטער.

לך לך! — האָט מיר באַפוילן די שוועל.
צום בײַשטידל האָב איך מײַן אויער געלעכערט.
אַ ציגײַנעריש אויעררינגל האָב איך געקויפט,
זיך אויסגעשטעלט האָב איך אויף לײַטיש געלעכטער.

איך בין געוואָרן אַן אייביקער קנעכט —
מען האָט מײַנע טריט און געדאַנקען געפּענטעט,
און אויסגעזויפט האָב איך פאַרעיפושטן שפּאָט
אַ פּאַס ביזן דנאָ, ביז צו דער שפּענטע.

כ׳פיל נאָך ביז איצט דעם פאַרשימלטן טעם,
און ווען איך דערמאָן זיך,
ציט מיך צום בר...ן — — —
פאַר מײַן האָרעוואַניע האָב איך פאַרדינט
אַ מכּה אין האַרץ און אַ בלישטשנדיק בלעכל.

פון איין זײַט מטבע דער האַמער און סערפּ,
פון צווייטער — דער פּריץ,
מײַן האַר וואָנצעוואַטער.
און טײַער האָב איך פאַר דער צאַצקע באַצאָלט —
מיטן קאָפּ פון מײַן רײַכן־אָרעמען טאַטן.

## זעבציק יאָר פּחד

ויהי —
און געוועזן איז אויף פּולער וואָך,
אין ליידיקן האַרץ האָבן ווינטן געבלאָזן.
פּאַפּירן... איינגעבן... יאָ אָדער ניין?
אויף וועמען וועסטו די שטיינער פּאַרלאָזן?

מיין מאַמע, מיין טאַטער — אַ שטיין אויף אַ שטיין —
זיי גייען דיר נאָך פּוסטריט ווי דיין שאָטן.
נאָר מיטנעמען קאָנסטו דעם שאָטן מיט זיך,
די שטיינער — זיי זענען צו דר'ערד צוגעזאָטן.

קלאַפּט אין מיין פענצטער אַ נאַקעטע צווייג,
אין האַרבסטיקע גאַסן — געווירבל פון בלעטער.
שפּעט. נישט פּאַרשפּעטיקן! — הער איך אַ קול,
היינט איז אַ פּריינט און מאָרגן איז שפּעטער..

איך גיי און ס'ציטערן מיר הענט און פיס,
אין מינדסטן נאָגל זעבציק יאָר פּחד;
ס'איז דער פּולקאָווניק וועלכן איך מאָל
אין הויכער ווינטערדיק־גראָער פּאַפּאַכע.

פּחד — דער ציטער פון חיהשער פעל,
אַראָפּוואַרפן פּרוּוו מיט דער הויט אינאיינעם!
ס'הודיעט און וואָיעט אין האַרצן דער ווינט,
ס'הוליען אין קאָפּ מיינע שיכּורע שכנים.

רויך — ס'פּאַרביטערטע האַרץ ווערט דערשטיקט,
ס'רויכערן זיך קופּעס פּאַרלעגערטע בלעטער.
דעם מאָרגן דערוואָרגן האָב איך און געפּועלט:
היינט איז אַ פּריינט און מאָרגן — אַ שפּעטער.

## רויטבענדלדיקע פּאַפּירן

חצות. סע שטייען שוין ייִדן אין ריי —
אין נאַכטיקן סקווער דעם „אָוויר" קעגנאיבער.
אָפּגעגליקט האָט מיר — מען האָט אויף מײַן האַנט
מיט אַ כעמישן בלײַשטיפט אַ „זיבן" פאַרשריבן.

דער זיבעטער. וואַרטן ביז אַכט אין דער פרי
און איבער דעם וועג מיר'ן גייען צום קווילער.
עס קריכט אין די ביינער אַן עסעריקע קעלט
און ס'בריִען די פּיאַטעס עלעהיי אויף קוילן.

סע טאָגט. און ווידער — דאָס וויפלטע מאָל —
מע מאַכט „פּערעקליטשקע", מע רופט אויס די נעמען;
מען זאָל נישט, חלילה, פאַרלאָזן דעם סקווער
און כאַפּן אַ דרימל אין וואַרעמע היימען.

דער זייגער קלינגט אַכט — אַכט ייִדן אין ריי
גייען אַריבער דעם ברוק ווי אַ ווירע,
און איטלעכער טראָגט אַ טעקע אין האַנט
מיט טײַערע רויטבענדלדיקע פּאַפּירן.

צוריק קומט אַרויס אַן אַנדערער מענטש —
איצט טראָגט ער אַהיים אין די הענט די נשמה,
די שטיינער אין גאַס שרײַען אים נאָך:
מצורע!
ער איז אַ געשטעמפּלטער.
טמא.

## ווען הימלען געווען זענען העכער

אין טעג ווען הימלען געווען זענען העכער,
ווען נישט געוואָרפן אין מיסט מען האָט לעכער —
זיי ברענגען מע פלעגט צו נטע דעם בלעכער.

אין שטוב — קיין עין־הרע — אַ לײַטיש געזינדל,
ירושה — אין געלעכערטן בלאָזזאַק — אַ ווינטל,
אַ לייטאײַזן און פאַרזשאַווערטע שליסלען אַ בינטל.

רעב נטע אויף לעכער פלעגט מאַכן אַ ברכה.
אין געלעכערטע טעפּ איז געווען זײַן הצלחה,
פאַרריכט — זײַט געזונט און ווידער גייט קאָכן.

אַ טשײַניקל — אָפּגעלייט האָט זיך דאָס פּיסקל,
אַ קינד האָט געבראָכט אַ געלעכערטע שיסל —
הוידעט דעם בלאָזזאַק דער שנעק מיטן פּיסל.

פּרנסה פון לעכער — נישט איבעריקע גליקן,
געלעכערטע כּלים צו אים פלעגט מען שיקן
און ווידער געפּוצט האָט מען קופּער און ניקל.

און מיטוואָך — אין טאָג פון די גרויסע יאַרידן,
סע ברענגען אים לעכער סײַ גויִים, סײַ ייִדן —
די וועלט האָט אַ תּיקון, דער בלעכער — צופרידן.

געזען מזל־ברכה האָט רעב נטע — חוץ לעכער —
געשמייכלט די זון ווען געפּאַרבט האָט ער דעכער
אין טעג, ווען הימלען געווען זענען העכער.

## שטערן אויפֿן יאַריד

און אַלץ וואָס געבראַכט — געפּסלט מען האָט לכתחילה:
די שיך וואַרף אַראָפּ, דעם גלות לאָז איבער אין דרויסן!
און איך האָב דערזען נישט פּסוקים פֿון משלי און תהלים,
אויף בלעכענע שילדן — דעם דור פֿון בלעכענע הויזן.

אַראָפּ פֿונעם זינען זענען די דיכטערס, די גראַמען —
רחמנא ליצלן, ווי אַ שנעל־צוג אַראָפּ פֿון די פּאַסן:
פֿאַרקלאַפּט מיר דעם קאָפּ, צעטומלט האָט מיך די רעקלאַמע
אין שטוב, אין דער לופֿטן, אין וועג, אין די גאַסן.

מיר דאַכט אַז געקומען אַהער־צו כ׳בין זויפֿן און פֿרעסן.
לויפֿן און קויפֿן, לײַען און באָרגן, נאַשן און אײַלן.
געקומען פֿאַר וואָס אין דער אמתן האָב איך פֿאַרגעסן —
האָב איך פֿאַראיבל און כ׳גיי צום רב מיט אַ שאלה:

— רבי ווער בין איך? וואָס בין איך,? ווּ בין איך?
צי אויף אַ יאַריד? מיר האַנדלען — וואַנדלען און שמײַען,
סע שמעקט אין דער לופֿטן געבראָטנס. אין מיטן דערינען —
געפּערלעכע קונצן: מיר לויפֿן אין וואַסער און פֿײַער.

ענטפֿערט דער רבי: — ס׳איז דער יאַריד פֿון יאַרידן
אָן גויִשע קאַטערינקעס, אָן ציגײַנערס און בערן.
אַדרבא, קום און פֿאַרקויף דײַנע יִדישע לידער,
זע, ווי מע כאַפּט דאָ אתרוגים, לולבים און שטערן.

## פאַלט אַראָפּ אַ שטערנדל

דאָס ווײַסע שטערנציגעלע
אין שטערנשטיבל וואַרט.
די מאַמע איז אויפן יאַריד,
דאָס ציגעלע פאַרשפּאַרט.

ליגט די גרויסע בערעכע
אויף דער שוועל און ברומט.
וויינט דאָס שטערנציגעלע:
ראַטעוועט מיך, קומט!

איך האָב מורא, מע־ע־ע
די מאַמע איז נישטאָ,
זיך פאַרזאַמט אויפן יאַריד
אין דער שטערנשטאָט.

בעט דאָס שטערנציגעלע:
— קינדער, זעט און הערט,
אויבן ברומט די בערעכע,
אויף דער ערד — אַ בער.

מעקע העכער, ציגעלע,
וועלט איז טויב און בלינד,
ס'וועט דײַן קולעכל דערהערן
דאָ אַ שטערנקינד.

וועט ער אויסזוכן דײַן מאַמע
דאָ אויפֿן יאַריד. —
מעקע שטאַרקער, ציגעלע,
מעקע, ווער נישט מיד.

גייט אַרום אין גאַס דער רשע —
מזיק קע־קע־בע,
דראָט ער מיט אַ חלפֿל:
„פּאָקאַזשו טע־בע!"

גלייב אים נישט אַז ביסט געבאָרן
אינעם מזל גדי,
פֿאַרן חלף, ווי די רינדער,
פֿאַרן שינדער — פּי.

האָב נישט מורא, ציגעלע,
מזל — גורל מײַן,
דאָס געפּיקטע צינגעלע
זאָל דיר דינען פֿײַן.

מעקע, שטערנציגעלע,
פּלאַצן זאָל דער בער...
פֿאַלט אַראָפּ אַ שטערנדל —
ס'איז דײַן מאַמעס טרער.

שפּעט. אין שטערנשטיבעלע
בלייבט אַ קאַלטע שײַן.
ליוולינקע, מײַן ציגעלע,
מזל, גורל מײַן.

# מזל בתולה

א

לאַנג בין איך צו איר געגאַנגען
און געקומען אפשר שפּעט,
טאָמער ליגט זי איצט און גוסטט
אינעם קאַלטן שטערנבעט,
צי אויף מילכוועגן זי בלאָנדזשעט
אינעם בלאָען שטערנוואַלד,
צווישן בערעבעס און בערן
באָרוועס, עלנט, מיד און אַלט.

ב

אין אַ גוטער שעה געקומען
אָנגעקומען צו דער צײַט,
ס'איז די בתולה נאָך אַ בתולה
סײַ פּאַר לצים, סײַ פּאַר לײַט.
אפשר האָב איך נישט פּאַרשפּעטיקט,
מען האָט זי נאָך נישט פּאַרקנסט
מיט אַן ערדישן בר־מזל —
אויבערמענטש פון הינטערגאַס ?

ג

שטערן־זעער, קוק אין הימל,
זע מײַן שטערן דאָרט און זאָג :
צי האָסטו געזען מײַן מזל
צווישן שטערנלייב און וואָג ?
אַלט בין איך, כ'מיש אויס מיט טרערן
מײַנע לעצטע טראָפּנס טינט,
מיט אַ ציטערדיקער פעדער
שרײַב איך לידער אויפן ווינט.

## ווען עס יאָמערן אַרומען

א

גיך בין איך צו דיר געפלויגן
און געקומען, זעט אויס, פרי —
ערב פרילינג. ס'זענען פייגל
נאָך אין וועג פון איבערפלי;
שטייען ציטערביימער נאַקעט,
בין־השמשותדיק די נעסט —
וואַרט. צי וועט זי זיך דערוואַרטן
אויף די פליִענדיקע געסט?

ב

איצטער ווייס איך, כ'בין געקומען
טאַקע דעמאָלט ווען מען דאַרף.
ס'האָט דער מלאך אָפּגעוואָנדן
פונעם האַלדז די מעסער שאַרף.
דאָך — מײַן שטערן צווישן שטערן
הענגט ווי פּריִער אויף אַ האָר
און מײַן לעבן איז אַ חלום,
און דער חלום — בלאָע וואָר.

ג

זיבן מאָל בין איך געפאַלן,
אויפגעשטאַנען זיבן מאָל...
ווען עס יאָמערן אַרומען,
דונערט אין דער טיף אַ קול,
גלייב איך, איך האָב נישט פאַרשפּעטיקט.
כ'הער אין טאָלן גרינעם שאָרך,
און דער גואל קומט צורײַטן —
זײַנע טריט אויף בערג איך האָרך.

## זכות בנים

געמיינט האָב איך גוט, געזוכט אויף דער קשיא אַן ענטפער,
אַ טראַיקע — דער תּם, דער רשע, דער חכם בלילה
געזאַלבט האָבן מיך — געקרוינט מיטן טיטול פון קעמפער,
אַ פּאַנצער געגעבן, אַ שווערד און פאַרסמטע פייַלן.

די תּורה פון שׂינאה געקנעלט האָט מיט מיר דער משומד:
„אין טאַטנס מאַיאָנטעק — דו — דער קלאַס דער פאַרשקלאַפּטער,
דער שליח־ציבור פאַרן אַלטן צעשאָקלטן עמוד —
אויך דו ווערסט פאַרטיילן ראשון און ששי, און מפטיר".

אין מייַן בחוקותי געוועז איז פאַרשריבן: דער עושר
איז חייב כּרת — קיין יִחוס נישטאָ, קיין זכות אָבות.
און איך האָב באַקומען חזקה אויף צדק און יושר
און יומם ולילה געזונקען אין רויטע מחשבות.

געמיינט האָב איך — גוט; אַ וועלט מיר באַשאַפן אַ נייַע —
אויס געטער און קלאַסן, צעשטערן מחיצות און תּפיסות.
אויף ברעגעס פון בירא — די נחלה פון הבל און קין —
שלום ושלוה, בלוט וועט מען מער נישט פאַרגיסן.

„מיר גייען, מיר קומען — ס'אַנטרינען טיראַנען און טראַנען!
אויף פינעף יבשות, זעט, אונדזערע פענער אין פלאַטער".
— — — — — — — — — — — — — — —

אין איינער אַ נאַכט, נישט בייַגעשטאַנען איז אים זכות־בנים,
גלייַך פונעם געלעגער אַוועקגעפירט האָט מען מייַן טאַטן.

## באַלאַדע וועגן שכן איוואַן

איז געקומען אַ ייִד אין דער שטאָט קאָלאָמיי,
איבער לענדער און ימען — אויף קבר אָבות.

האָט ער נישט געפונען דעם צאָם, נישט דאָס אָרט,
פאַרלאָזט דעם בית־עולם דער זקן מיט גאָרנישט.

שפּאַצירט ער אין גאַסן פון היימישער שטאָט,
זעט ער דאָס הויז פון זײַן קינדערישן חלום.

גייט ער פאַרבײַ און קערט ווידער צוריק —
רופט אים די שוועל, דער אָנהייב פון וועגן,

לויפט ער אַרײַן, ער קלעטערט אויף טרעפּ —
דערקענט ער די טיר און די אַלטע מזוזה.

ער קלאַפּט אָן אין טיר — עפנט מען אויף,
שטייט אויף דער שוועל אַ שכן אַן אַלטער.

האָט ער דערזען דעם וועכטער איוואַן — דער
וואָס געוווינט האָט אין קעלער־שטוב אונטן.

זעט ער אין שטוב — ס׳הענגט אויף דער וואַנט
דאָס חתונה־בילד פון טאַטע מאַמע:

זאָגט ער צום ערל: — גיב מיר דאָס בילד,
אַראָפּנעמען וויל איך פון טיר די מזוזה.

פרעגט אים איוואַן: — ווער ביסטו, מענטש?
ענטפערט דער ייִד: — דאָ בין איך געבוירן.

האַלדזט אים דער אַלטער איוואַן און זאָגט:
איך האָב געוווּסט, דו קומען וועסט, יאַנעק.

דײַן טאַטנס ספרל האַלט איך אין שראַנק —
געראַטעוועט האָב איך זײַן ביבל פון פײַער.

דײַן מאַמעס לײַכטער האָב איך געפּוצט,
דאָס מעשענע שטייסל האָב איך באַהאַלטן.

דאָס פּליושענע זעקעלע האָב איך פאַרהיט —
דעם זיידנס שפּאַקולן, זײַן טלית און תּפילין.

נעם דיר דאָס בילד מיט דער גילדענער ראַם,
אַפילו די טשוועקעס פון ווענט וועסטו נעמען.

אַלץ גיב איך אָפּ, נאָר איינס בעט איך דיך:
רײַס נישט אַראָפּ פון דער טיר די מזוזה —

זי האָט מיך געהיט און היטן זי וועט
פון שדים און רוחות פאַרשטעלטע ווי מענטשן — — — —

איז געפאָרן צוריק פון דער שטאָט קאָלאָמיי
דער ייִד וואָס געקומען איז אויף קבר־אָבות.

דאָס חתונה־בילד האָט דער זקן געפירט,
דעם טאַטנס אַ ספר, דער מאַמעס צוויי לײַכטער,

דעם טלית און תּפילין, דעם זיידנס בריל —
פאַרבליבן אין פרעמד איז די אַלטע מזוזה.

# לאַנגע דורות פאַרזאַמט און פאַרשלאָפן

פאַר מײַן אייניקל אליעזר

איך האָב שוין אַ סאַברע אין דער משפּחה — אַ נאָמען —
מײַן טאַטע וואָס רוט אָן תּכריכים אין אייביקע שנייען,
ער וועט מיר דערמאָנען, דער נאָמען, פאַרפלאָנטערטע וועגן
און יאָרן מיט נאַרישע טעג ווי זיי גייען און שטייען.

גייענדיקע טעג — ווי אַ שטאָט־נאַר אין שרײַיִקע גאַסן,
וואָס כאַפּטעס קינדער פאַרטרײַבן אין בלינדע ליקן,
ער שטייט מיטן פּנים צו זיך, אין זיך — אַרום זיך
ווי שפּיציקע שטיינער וואַרפט ער מטורפע בליקן.

שטייענדיקע טעג, ווי שטענדיק־שטייענדיק וואַסער
מיט אַ פאַרעיפּושטן דנאָ און מאָכיק־גרינגאַליקן שימל,
און אייביקן דרימל פון קלעפּיקע לאַנגע געוויקסן,
בײַנאַכטיקע קוואַקעניש אונטער פאַרגליווערטן הימל.

און ליגנדיקע טעג צווישן ווענט פון טויב־שטומע צעלן
מיט אויגן פאַרגלאָזטע, פאַרשטאַרטע — געפאַנגענע יאָרן;
די צײַט ווי אַ יאָדער האָט זיך באַהאַלטן אין שאָלעכץ,
דער מוח — אַ פוילער, פאַרקנוילטער גיגאַנטישער וואָרעם.

נאָר ליכטיקע טעג אײַלן צו מיר אויף די וועגן,
ווי גלײַך איך האָב לאַנגע דורות פאַרזאַמט און פאַרשלאָפן;
דעריאָגן איך מוז מיך אַליין, און די יאָרן דעריאָגן —
אין צעשפּליטערטע רגעס אַנטפּלעקן דעם סוד פון אֵין־סופן.

## דער מאַרק אָטעמט ווידער

און ווידער אַן אויפּרײַס, אַ רגע האָט זיך צעשפּליטערט,
אַ קינד מיט אַן עפּל — אין אייגענעם בלוט אויסגעבאָדן.
ס'הודעט דער מאַרק. שוין ווידער וואָיען סירענעס
און בלייבע פאַרקויפערס באַטראַכטן דעם שאָדן.

נישט אָפּגעשטעלט האָט זיך די צײַט, די זייגערס פּולסירן
און ווידער צעהוידען זיך צינגער פון מאַרקישע וואָגן —
אַ קילאָ קאַרטאָפליעס... פאַרקויפערס רופן די קונים —
ס'דרייען די ווײַזערס אין קרײַז די שעה פונעם מאָגן.

אַ קילאָ באַנאַנעס... נישטאָ איז דאָס קינד מיטן עפּל.
די מאַמע זיצט שבעה — אַ הערעלע גרויט צווישן שוואַרצע,
אַן אותעלע נאָך אין דער בלוטיקער אַלטער געשיכטע,
נאָך איין זיכּרון פון יאָרן פאַרביסענע, האַרבסטע —

אַ קינד מיט אַן עפּל אין אייגענעם בלוט אויסגעבאָדן.
אַ טאָג איז פאַרגאַנגען, אין בלוטיקער שקיעה פאַרשוווּנדן,
אויף גרענעצן וואַכן די זעלנער און היטן דעם חלום
פון עפּל און קינדער אין הערצער מיט אָפענע ווּנדן.

שלאָפן די שטעלן, און קרעמערס מיט וועקערס צוקאָפּן,
ס'דרעמלען אין קראָמען זעקסקאַנטיקע שווערע געוויכטן,
אין קאַסטנס און קויבערס וואַרטן די עפּל אויף קינדער
וואָס שרײַבן מיט בלוט אויף אַספאַלט אונדזער נײַע געשיכטע.

דער מאַרק אָטעמט ווידער קאַיאָריק מיט פאַרביקע ריחות,
דער טאָג האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, דאָס העמדל צעקנעפּלט;
די זון מאָלט אויף שטעלן קויבערס מיט רויטע מאַראַנצן,
אַ קינד בײַסט זיך אײַן מיט די ציין אין אַ זאַפטיקן עפּל.

# ס׳פעלט מיר אַ בלעטל

חלילה — איך בין נישט קיין כּופר בעיקר,
נאָר ס׳פעלט מיר אין בראשית אַ בלעטל;
אַ וואָך פאַר דער מעשׂה מיט דער שלאַנג, מיטן עפּל
איז חוה געווען אַ געטין.

מײַן שכן דער למדן קרײַזלט אַ פאה,
ער פרעגט מיך: — וואָס הייסט? היתּכן?
זאָג איך אים: — זעסט דאָך, אַזאַ תּוהו־ובוהו
האָט געקאָנט נאָר אַן אישה פאַרקאָכן.

און גאָט איז אַ יש מיט קאַלטע מחשבות,
מיט אַן אײַזערנעם קאָפּ אַ געזעצטן:
ער בויט און באַשאַפט, ער פּלאַנירט לכתּחילה
לויט שטרענגע צײַט־רוים געזעצן.

באַצײַטנס פאַרפלאַנצט ער דעם עץ־הדעת
דאַנעבן — דעם עץ החיים,
נאָר עפּל וואַקסן אויף עפּלביימער
נאָך איידער בראשית, עד־היום.

און אָדם — דער חתן — מײַן זעליקער טאַטע,
און חוה — פון שכנישן שטעטל — —
חלילה, כ׳בין נישט קיין כּופר בעיקר,
נאָר ס׳פעלט מיר אין חומש אַ בלעטל.

## אַפילו אין רויך פונעם קוימען

בראשית — קאָרנעשט האָט געהייסן דאָס שטעטל,
און פּרונזע ווערדע — אַ בלעטל.
האָט אָדם געשאָנקען דער געטין אַ רינגל.
זי האָט אים געשאָנקען אַן עפּל.

און מיר האָט די געטין געשאָנקען דאָס לעבן.
און גאָט איז דער גאָט פון מײַן מאַמע —
(ער האָט זיך אַנטפלעקט צו איר אין אַ פּרײַטיק
אין פריפעטשיק־ברען, פון די פלאַמען).

געשוועבט האָט די געטין איבער מײַן וויגל
אין וואָלקנס — אַליין ווי אַ וואָלקן —
און ווינטעכעס פלינקע מיט בליציקע פינגער
האָבן די וואָלקנס געמאָלקן —

דעם מילכוועג געלאָזט האָט די געטין אין הימל,
אויף טריקעניש צעבערס צעכליופּעט,
מיט וואַרעמע טרערן די סטעפּעס באַגאָסן,
די בערג און די טאָלן באַפּרוכפּערט.

איר קרוין האָט די ערדישע געטין צעשאָנקען —
באַזילבערט די נאַקעטע קרוינען,
און אומעטום איז זי, מײַן געטין פּאַראַנען,
אַפילו אין רויך פונעם קוימען.

## גרינער באַגינען

...די מאַמע פּאַרריכט דאָס פּעלצל פון אויבן,
איך פיל איר האַנט — זי בענטשט אויף נאַכט מיך;
פון אַלע ווינטערס איך רו אין דער וואַרעם,
כ'שלאָף־אײַן ווי אַ קינד אין מיטן טראַכטן;

כ'זיץ אין געקאַלעכטער הײם אין אַ ווינקל,
איך הער זיך צו — צוועלף קלינגט דער זייגער,
אין דרויסן ברשעוועט אַ זאַווירוכע,
דער חלום וואַכט־אויף אין מײַן געלעגער.

דערשײַנט פונעם ווײַסן זאַוויי מײַן באַשערטע,
ס'לײַכטן און טריפן אויגן — צוויי שטערן:
ווײַן נישט, בת־מלכּה, פרי נאָך צו קלאָגן;
מײַן שענצטן טאָג צי ווילסטו פאַרשטערן?

שטעכלדראָט,
שאָטנס —
געלע לאַטעס,
הויט און ביינער,
לײַזיקע שמאַטעס,
הייזעריקע וועלפהינט,
אײַזערנע קראַטעס...

האַלט איך די הענט פון מײַן ווײַסער בת־מלכּה —
אַנטלויפן די וועלפהינט, שאָטנס צערינען,
כמאַרעס פאַרשווינדן און ס'וואַכט־אויף דער חלום
אין גרינעם באַגינען.

# יאָרן אין די הענט

*

אָמר —
געזאָגט האָט דער היטלמאַכער:
דאָס רויטע היטעלע *
— איינס אין דער שטאָט —
טראָגט ליבע־בריוועלעך
פון ייִדן צו גאָט.

נאָר העכער די וואָלקנס
נישטאָ איז קיין רעגן
און פּרנסה האָט מען פון ליסע קעפּ
וואָס שמייַען און לויפן,
אייַלן און פאַלן,
קרעכצן און שעלטן,
לייַען און באָרגן —
און הענגען צווישן הימל און ערד
אויף לופטיקע תּליות
פון מה־בכך זאָרגן.

---

* „דאָס רויטע היטעלע" — אין גאַס איז געשטאַנען אַ מענטש מיט אַ רויט היטעלע אויפן קאָפּ. ער פלעגט פאָלגן אַ גאַנג, און בעיקר — פאַר געליבטע פּאָרלעך...

## עזרא נומער אַבט

שַדַי,
צי מיינסטו אַז דו האָסט פאַרדינט
מײַן לויב און געזאַנג,
דיר אַ מישכּן כ׳זאָל בויען,
אַ משכּון פאַרזעצן,
אַבי זײַן אַ גביר
און אָנזעצן זאָל איך אין עולם־התוהו?

און נאָך אַ מאָל
אָנקומען זאָל איך צו דיר,
ווי דעמאָלט,
פון גאַרנישט
איך זאָל דיך באַשאַפן —
דיר ווידער פאַרטרויען
מײַן לעבן און לײַב
און כ׳זאָל מײַנע קינדערס קינדס קינדער
פאַרשקלאַפן.

איך האָב דיך געקרוינט,
כ׳בין געוואָרן דײַן קנעכט,
פאַראייביקט דײַן מאַכט,
מײַן נשמה פאַרטרויט דיר —
און דו האָסט באַשטימט מיר
די זיבעציק יאָר
און טרערן אַ ים,
כ׳זאָל באַוויינען די טויטע.

*

איך האָב דיך געבענטשט,
נישט געשאָלטן — חלילה,

ווײַל איך בין די ווײַבערישע תּפילה
פון דורות —
דער סאַמעט אין האַרץ
און דאָס זײַד אויפן לײַב
פון מאַמעס און באָבעס —
מרימס און דבורהס.

נאָך איידער
אַ שטראַל האָט פאַרזשמורעט מײַן אויג,
און איידער באַוויזן איך האָב זיך
צו מענטשלען,
און איידער
אויסגעשעפּט כ׳האָב מײַנע טעג —
ווי קאָן איך,
ווי מעג איך דיך שעלטן,
געבענטשטער ?

*

און דאָ איז דאָס אָרט צו דערציילן אַ מעשׂה
שהיה,
וואָס האָט זיך געטראָפן :
ווען איך האָבן געפּרוּווט אַוועק פון פאַר דיר
און כ׳בין נישט אַנטלאָפן.

ווי יונה דער נביא, אינעם מאָגן פון פיש,
צו דיר כ׳האָב גערופן,
איצט טראָג איך דײַן וואָרט צום רשע אַליין,
צו אים טו איך רופן :

נישט פערציק יאָר, מעסט אָפּ פערציק וויאָרסטן —
מײַן האַנט וועט דיך גרייכן.

כ׳צייכן דיר אָן געמאָסטענע טעג —
וואַרט אויף מײַן צייכן.

שלח — שיק מײַן פאָלק!
דו ענטפערסט מיר: ניין!,
נאָר יאָ וועסטו זאָגן.
דו גלייבסט נישט — דו שפעטסט:
„געפילטע פיש — מיט אַ דיכטער אין מאָגן".

*

אין פישער־האַפן האָב איך געאַרבעט.
גערוישט האָט דער דאָנאַו דער בלאָער,
נישט שטראַוס־וואַלסן —
סטראַשנע געיאָמער
האָט פאַרנומען מײַן אויער:
פון שיפן וואָס זענען אונטערגעגאַנגען,
דאָס שטומע געוויין פון מאַמעס — — — —

אין קראַנקן בעט, ווײַט אין דער היים,
אין ד׳ אַמות פון צער און בענקשאַפט
אַ נאַכט־לעמפּל פינצטערט..
דער פרימוס זשומעט —
עס קאָכן זיך נאָדלען — קאַיאָר
אין לופט פון תרופות
און אומעט — — —

אין פישער־האַפן,
אויפן ברעג באַדאַלאַנער
האָב איך מײַנע רחמים פאַראַנקערט.
מאַמע,
דערזען האָב איך דיך אין פאַרטרערטן שפיגל
פון מײַנע פאַרוויינטע געדאַנקען.

*

...און קינדוויַיז —
אַ ליגן האָב איך באַהאַלטן,
פון אים ווייסט נישט קיינער.

מיט מיר — אומעטום,
ער לעבט, ער וועט שטאַרבן
מיט מיר אינאיינעם.

זע איך:
מיַין קינדערישער ליגן איז בלינד,
אויגן — צוויי בעלמעס.

מיט מיר אינאיינעם
האָט ער זיך געעלטערט,
דער ליגן — דער אמת — — —

אַ פוסטער עבאָ ווי פון אַ פאַס,
פון הערינג אַ ריח,
און פראָזים דעם רויטנס צעפרעסענע הענט,
זיַין קרעמעלע זע איך —
לעם באַבושקינס הויף,
לעבן בראָדסקיס אַפטייק,
ווו עס שטעלט זיך אָפ
דער רויטער טראַמוואַי...

און בעלגישע פערד,
מיט הינטנס ווי בערג,
פון אַמאָליקער קאָנקע

וואָס האָבן געשלעפּט
די פּעסער מיט ווײַן
פון נחמן טשעבאָנקע.

און חיים דעם הייזעריקנס אַרײַנפאָר־הויף,
דאָס פאַרכאַרקעטע שענקל,
און סטיאָפּע צירולניק מיט דער מכּה אין האַלדז,
זײַן צוקאָפּן־בענקל.

און נטע דער בלעכער, זאָל זיך מיִען פאַר אונדז,
און עזרא דער שוטה,
וואָס שרײַבט טאָג און נאַכט:
נומער אַכט — נומער אַכט
אויף סלופּעס און פּלויטן,
אויף ווענט — מיט קויל
אויף שוואַרץ — מיט קרײַד,
מיט טשוועקעס אויף שטיינער פאַרקריצט ער
נומער אַכט, נומער אַכט
ווי דער שלייף אויפן שוך
פון מײַן מומעס חליצה.

מען האָט זיך געדונגען אַ טאָג — פינעף יאָר,
אַ נאַכט — פינעף יאָר,
די מומע דערווײַל האָט געמאָסטן די גאַסן.
און ער, דער בחור — אַ גבר,
פון די רויטע:
„שטיקער פון זיי זאָלסטו רײַסן!"
די ברידערלעך אירע מיט דער פאַבריק
און אײַזן־געשעפטן — וואָס פעלט זיי?
אַ שאָד וואָס מען האָט אויך זיי אין פּאָגראָם
נישט איבערגעשניטן די העלדזער.

*

אין רויטן קעמערל האָט מען באַשלאָסן:
הונדערט טויזנט מזומן!
נישקשה, די ברידערלעך וועלן באַצאָלן —
די בלוטזויגערס פרומע.

„די ברידער" פון יענער זײַט טײַך:
פאַר דער בושה,
די אָדערן פון זיי זאָלסטו ציִען.
חליצה? — שפּײַען וועט זי דיר אין פּנים,
צוויי הונדערט טויזנט —
אויך אַ מציאה.

דרײַ הונדערט טויזנט...
אַ האַלבן מיליאָן...
אַזוי זאָלסטו זאָגן:
איך גיי נישט, איך וויל נישט!
אויף אונדזערע הויקערס —
ווילדפלייש, געשווילעכץ!

*

ברידער,
אַ בשׂורה מיר ברענגען דער וועלט:
מיר גייען, מיר קומען!
מיט אונדז אַלע שקלאַפן פון פיר עקן וועלט —
טויבע און שטומע.

און עזרא שרײַבט נומער אַכט, נומער אַכט
אויף פּלויטן און ציצן;
מיר וועלן איר געבן די יאָרן אין הענט —
איר געבן חליצה,

דער וועלט,
כאַרקען וועט זי מיט בלוט,
אויסשפּײַען וועט זי די לונגען,
אין טרערן וועט זי זיך באָדן — די וועלט,
און יאַשטשערקעס שלינגען.

געלעכטער —
מיר וועלן דערציילן אַ וויץ,
די וועלט וועט געדענקען:
דעם קונצנמאַכער פון בערישן צירק,
דעם לץ
און דעם הענקער.

אַ טראָיקע — אַ שטריק,
הענקער, ווי דען?
זאָלן פּויקן
די פּויקן.
אַ טראָיקע —
לית דין,
אַ טראָיקע — אַ טריק.
טײַוולאָנישע טראָיקע.

קומט ברידערלעך, קומט!
אַרײַנגאַנג פרײַ!
נישטאָ קיין קאָנטראָלן.
אַרויסגאַנג?
וואַרט!
מיט אַ צאָן,
מיט אַן אויג,
מיטן קאָפּ
וועסטו צאָלן.

## דאָס ליד פון שיכּורער יוגנט

אַ גילדענער צלם איבער דער שטאָט?
— נידער מיט די סאָבאָרן!
און איוואַן בערעזאָווסקי —
דער שיכּורער פּאָפּ —
אויף יענער וועלט איז פאַרפאָרן.

דעם באַס־קול אין קלומעקל טראָגט ער מיט זיך,
דעם ציטער פון קלויסטערשע שויבן,
דעם בלי פון אַקאַציע און ליפּעס אין אויג,
אין אויער — דאָס וואָרקען פון טויבן.

דעם טויבן־טורעם איך זע אין דער נאַכט,
דעם שטומען — אָן טויבן און גלעקער.
(איבערגעשמאָלצן — אַוודאי גערעכט —
זיי קאָנען צעקלינגען דעם שקר).

*

בילדער און געצן —
ס'איז דער סאָבאָר אַ מועזאום געוואָרן.
אַנדערע צייַטן — אַנדערע טויבן
וואָרקען אויף אַלטע סאָבאָרן.

געקעפּטע —
מיט פּלאַטער פון בלוטיקע פאָנען,
וועסנע און זומער,
און ס'קוקט אַראָפּ צו די גלעקעלער־בלומען
דער טורעם דער שטומער.

דאַכט זיך, איך הער אין באַשווירענעם גראָז
אַ ציטערדיקע דרימבע,
צי הינטער די ציין דרינדזשעט די צונג:
— ברע, צינע לימבאַ.*

שטומע צינגער פון טויטע גלעקער —
געקעפּטע סאָבאָרן —
אַ מעשענע שטילקייט קלינגט אין די אויערן
אַנטשוויגענע יאָרן
פינצטערע...

*

אַ רגע — אַ בליץ, כּהרף־עין — אַ ווונק,
ווי אַ פונק אין דער פינצטער
טויכט אויף אין זיכּרון אַ היימישער ברעג,
אַ בילד אויף לייַוונט פון איצטער.

אַ צווייַגל — אַ שפּענדל אין שטראָמיקן טייַך —
דעם היימישן וואַלד צי פאַרגעסט עס?
עס טראָגט דעם וואַלד־געררויש פון אַמאָל,
און איך טראָג די כוואַליעס פון נעסטער.

אַ יובל האָט ער געבראַכן מייַן דאָרשט,
געוויגט מיך אויף זייַנע כוואַליעס,
מיט זייַנע הושענות האָב איך געקלאַפּט,
געגאָרגלט איך האָב מייַנע יעלה׳ס.

דער טעם פון ציין־שנייַדנדיקן בורקוט
ביז הייַנט אין די ביינער ליגט מיר,
ס׳פאַרבינדן מיך אָסיענדיקע פּעדעם אין לופט
און שנייַד־פּעדעם פאַרמאַמאַליגעטע;

---

* מאָלדאַוויש: האַלט ס׳מויל (די צונג)!

אַ וואָלעכיש פּריילעכס מיט ייִדישן וויי —
זיסקייט פון היימישן ניגון,
אין וואַרעמער קיך אַ ייִדישער גריל
וואָס פלעגט מיך פאַרוויגן.

*

למאַי זאָל איך לייקענען — כ׳וויש אָפּ אַ טרער,
ווי אַ זעלטענע פּערל.
אַלץ וואָס דערמאָנט די זיסקייט פון היים —
געזאַלצענע טרערן.

היים — איך טראָג זי מיט זיך אין דער היים,
אויף היימישע ברעגן,
און כ׳מיש אויס אַ טרער פון דאָ און פון דאָרט
מיטן נצח פון רגע.

צי דאַרף מען זיך שעמען מיט יאָרן צעקנייטשטע —
פאַרגלעטן, פאַרפּרעסן?
ניין, נישט געווען כ׳וואָלט דאָס וואָס כ׳בין
ווען כ׳וואָלט זיי פאַרגעסן.

*

אַ בליץ — כּהרף עין, אַ רגע, אַ ווונק,
ווי אַ פונק אין דער פינצטער —
טויכט אויף אין זיכּרון אַ מעשענער שטראַל,
אַ בילד אויף לייַוונט פון איצטער:

מיכאַיל באָטעזאַט — דער מעשן־גיסער,
וואָס רייַבט אָפּ אין זאַמד די נעגל —
האַלט אין איין פרעגן: פון וועלכע טיגלען
האָט מען געגאָסן דעם גילדענעם עגל?

אין מידבר?! — שטוינט מיכאל באַטעזאַט
און זאָגט: — אַ רוח אין מײַן טאַטן
וואָס האָט מיך געטויפט,
ווײַל געוואָלט האָט זײַן גויע
אַ ייִדישן מאַן — אַ געשמדטן — — — —

און געוואַקסן איז ער מיט שקצים גלײַך,
אַ קינד, כּשר־טרייף — חזיר־פּיסל,
אונטערגעוואַקסן און אַוועק אין פֿאַבריק,
געוואָרן דער יונג איז אַ גיסער.

גילדענע הענט האָט געהאַט באַטעזאַט,
אַ בעל מלאכה — אַ מזיק.
אַ שיקסע גענומען, אַ חזיר געשטאָפּט,
נאָר געלאָפֿן פֿון גויִשן מזל

און קשיות געפֿרעגט וועגן גילדענעם קאַלב,
געשיכּורט פֿון ניטל ביז ניטל.
געבענקט נאָך זײַן שטאַם און ייִדישן גאָט.
פֿונעם שטריק האָט מען אים אָפּגעשניטן.

*

אַ כּהרף עין — אַ רגע, אַ ווונק —
ווי אַ בליק אין הימל צעבליצטן.
טויכט אויף אין תּהומען פֿון מײַן זיכּרון
אַ בילד אויף לײַוונט פֿון איצטער.

איוואַן איוואַנאַוויטש קאָנאָשענקאַ —
דער טאַטע פֿון צען קאָנאָשענקאָס,
דער מײַנסטער פֿון מײַנסטערס —
טאָקערס און שלאָסערס,
אַרײַנגייערס אין ייִדישע שענקען.

בלאָע ליפּן פון שוואַרצן „זשין פּיערט״,*
מיט רויטע צעפּאַטלטע טשובן
און הייסע גאַרמאָשקעס — רוסישער ברען
אין הענט ווי טשוהונענע פּודן.

און דער גוטמוטיקער „זשיד״ אין זייער מויל
מיך אויפגעהערט האָט צו פאַרדריסן,
מיט זיי, מיט חברים, דעם ביליקן וויַין
אויף טרינק־טישן פלעג איך פאַרגיסן.

פּריאַמאָי — דער וויַין ווי טינט —
נעם און שריַיב
דאָס ליד פון שיכּורער יוגנט,
וואָס איז פאַרביַי אין פריילעכן טשאַד,
פאַרשווונדן אין שנייִיקער וויוגע.

בינדיוזשניקעס ייִדישע, טרעגערס אין מאַרק,
אַ פלאַש איך שטעל פאַר די יאָרן!
צו טובעלען קומט, קומט טרינקען די טינט
אין וויַינקעלער צו קראַסנאַגאָרן!

נישטאָ — אַלץ פאַרגייט אינאיינעם מיט אונדז.
מיט וועמען איצט מאַכן אַ כּוסע?
דער שיכּורער פּאָפּ, בערעזאָווסקי איוואַן,
בלאָנקעט אינעם געקעפּטן קלויסטער.

להבדיל, די זיבעציק שולן אין שטאָט —
פון זיי נישט געבליבן קיין זכר,
געקושטע מזוזות — אַוועק מיטן רויך,
מיט עכאָס פון סליחות און איכה.

---

* מאָלדאַוויש: זידיקער וויין.

## יאָרן אין די הענט

און גאָט — קיין אָנהייב נישטאָ און קיין סוף —
איך האָב אים פֿאַרלאָרן אין ווילדן געלאָף;

דער אָנהייב געזאָלט האָב איך ווערן אַליין,
דעם סוף — געמיינט האָב איך וועל איך דערגיין.

צי בין איך דערגאַנגען? פֿאַרזאַמט האָט מײַן דור,
אין אֶדוֹם פֿאַרזעסן ביז זילבערנע האָר — — —

און גאָט — באַשערט האָט מיר תּמיד אין וועג
צעפֿלאָכטענע ווינטן, פֿאַרזשאַווערטע טעג,

פֿאַרבלוטיקטע שטערן אין טרוקענעם גראָז,
און שטיינער אויף עולמות האָב איך געלאָזט.

דער אָנהייב — אַ קנופּ און צעהוידעטע שלייף,
דער סוף פֿון אַ מיט וואָס אַ לעבן געזייפֿט,

אַ שטריק וואָס געמאָסטן איך האָב צו מײַן האַלדז,
אַ קראָ אויף צעדראַפּעטער ברוסט לעבן האַרץ.

די האַק וואָס געהאָנגען איז איבער מײַן קאָפּ,
דער וועג וואָס געפֿירט באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ.

און גאָט — קיין אָנהייב נישטאָ און קיין סוף —
ער האָט מיך באַשיצט, ער האָט מיך באַשטראָפֿט:

פֿאַרשטאָפּט מײַנע אויערן, די אויגן פֿאַרבלענדט —
די יאָרן געגעבן מיר אין די הענט.

# נעכטיקע ווײַטן

*

אָמר —
געזאָגט האָט דער בעל־חלומות:
אַרומכאַפּן האָב איך געוואָלט די וועלט
מיטביידע הענט
ווי מיט שטאָלענע צוואַנגען,
האָט מען די הענט מיר אונטערגעשניטן
ווי טרוקענע צווײַגן — — —

זע איך מײַן שטאַם
— די גרויסע גלאָץ־אויגן —
די וועלט איז אים קליין;
חוץ אייגענע צרות
טראָגט ער ווי טײַערע שטיינער אין קרוין
נעסטן מיט אונטערגעוואָרפענע שטערן.

# שאַרבנס און שערבלעך

א

ווייַסע געלעגערס און קויטיקע נעבכט
אין וועלט פון דמיונות שוואַרצע און געלע,
גרינע און בלאָע, רויטע און פּוסטע,
אָוונטיק־גרויע, פּרימאָרגנדיק בלאָנדע.

האָב איך מײַן העמד אויף אַ ראָם אָנגעצויגן,
דעם פּינדזל געטונקען אין תּהומען פון בראשית,
ס'האָט מיר די שוואַרצע פאַרב נישט געסטײַעט,
אַ ווייַסער פלעק איז פאַרבליבן אין ווינקל.

איבער אַ צוויקל ווערט קאַליע דאָס העמד,
אַ פרעמד־פאַלשער קלאַנג צעקאַליעטשעט דעם ניגון,
אַן איבעריק וואָרט צעפּאַטלט דאָס ליד —
מײַן צונג איז פון פלאָפּל געשוואָלן.

ב

אויפן גלײַכן וועג מע ברעכט האַלדז־און־נאַקן —
שולדיק בין איך, צי שולדיק דער וועג איז?
האָב איך אויף שליאַכן אברים פאַרלוירן,
הענט און פיס איך קאָן נישט געפינען
אין וואַרשטאַט מיט הימלען איבערגעקערטע,
פאַרלאָשענע שטערן אין אַשנבעכערס פולע,
פאַרגליווערטע גסיסה אויף גיפּסאָווע מאַסקעס
פון מײַנע צעשפּליטערטע סלאַווישע באַרדן,
צעשויבערטע פּינדזלען, פאַרטריקנטע פאַרבן,
שאַרבנס און שערבלעך, צעפאָרענע רעמלעך,
לײַוונטן ווייַסע — איך טראָג צום טײַך.

## פאַרכמאַרעטער הימל אין בוזעם

אין אַ שיינעם פרימאָרגן בין איך געשטאָרבן,
אין שקיעה־ווייַ ווידער־געבוירן געוואָרן.
געזויגן האָב איך די ברוסט פון מײַן אומעט
און פונעם פלעשל — דעם ביטערן טראָפּן.

קינדהייט און יוגנט צווייטע־צעצווייטע,
אויפשטײַג פון מבול — רויטע פאַרפלייצונג
פון ייִדישע גאַסן און טערקישע בריקן
אין שטעט, שטיין־ברוקירטע, און בלאָטיקע שטעטלעך.

געפּענטעטע פּיסלער, באַשוירענע פליגלען —
פאַרכמאַרעטער הימל אין נאַקעטן בוזעם;
אַ טויב און אַ קראָ איך טאַסקע כּסדר
אויף מײַן צעדראַפּעטער ברוסט לעבן האַרצן — — — —

*

צי קאָן מען אַרויס פון דער אייגענער הויט
צי קאָן מען אַרײַן אין דער הויט פון אַ מלאך —
אַ בלאָנדער דמיון פון שײַן אַנשטאָט הויט
און פליסנדיקע ביינער ווי רעגנס?

צי קאָן מען אַרויס פון דער אייגענער הויט?
צי קאָן מען אַרײַן אין דער הויט פון נישטגוטן —
אַ שוואַרצער דמיון מיט נאַכטיקער הויט
און פליענדיקע ביינער ווי שטורעמס?

און רויטע דמיונות פון צדק און יושר?
פאַר אַ ל ע באַעוולטע, אייביק פאַרשקלאַפּטע —
דער זיידע, דער טאַטע, דער רב און דער גבאַי,
גאָט פון די אָבות — שׂונאים — — — —

## רויטע ווינטמילן האָבן געמאָלן

מען האָט מיר באַפוילן: פאַרברענען די בריקן,
צעשטערן די וועלטן — צווישן צוויי טאָוולען
פאַרבייגן אַ בלעטל, אַ שפּיץ צו פאַרגעסן
און וואַרפן דעם ספר אין פייַער.

און אַנדערע ספרים האָבן פאַרנומען
ווו נאָר אַ קעמערל אין האַרץ און אין מוח —
ס׳איז נישט פאַרבליבן קיין ווינקל פאַר רחמים,
אַ גוט וואָרט דער מאַמען, אַ שמייכל דעם טאַטן.

איז מען געלאָפן פון וואַרעמע היימען;
געגאַנגען זיך גליטשן אויפן אייַז איבער טייַכן
אויף גרענעץ פון רשעות צווישן צוויי וועלטן
צו שווען פון אומזין און תּהומען פון אומקום.

פאַרלייגט מיט אַרבעט געווען זענען מאָלערס —
איבערגעפאַרבט האָט מען הימלען און ימען,
און משיחישע ווינטמילן האָבן געמאָלן
רויטע און בלאָע בערדיקע שטערן — — —

ס׳האָבן געדרייט און געפּייַפט זאַווערוכעס,
פאַרכאַפּט און פאַרשרויפט מיך אין ווילדן געווירבל,
אין מידבר פון הבל־הבלים פאַרוואָגלט,
פאַרשאָטן דעם קוואַל פון מייַן ייִדנס בטחון.

אין אַ גרויען פרימאָרגן בין איך געשטאָרבן,
אין שקיעה־ברען ווידער־געבוירן געוואָרן,
די ברוסט פון מייַן עלנט האָב איך געזויגן
און פון דער פלאַש — דעם ביטערן טראָפּן.

## ווי פייגל אין הימלען צעפלאַקערטע

מען האָט מיך אַנטוויינט — געוועזן כ׳בין דעמאָלט
אַ טאַטע פון קינדער — — — אַיעדן פרימאָרגן
אַריבערגעטראָטן זיי האָבן שיכּורע שוועלן.

מייַן ליגנדיק בילד באַגלייט האָט די קינדער
צו טויערן פון שולן. — מיט זיי כ׳בין געזעסן
אויף שול־בענק אַקעגן געלערנטע טאָוולען.

מיר זענען געוואָקסן — די קינדער אַרויף,
איך — צוריק. אין אַ טאָג בין איך נעלם געוואָרן.
אַ יובל געשוואָנגערט מיט האָבן וועגן

און ווידער געבוירן. בין איך געקומען,
אַן עופהלע נאָך מיט פאַררויכערטע וואָנצעס
צו קינדער וואָס מאָלן שקיעות און שלאַכטן

און בלומען ווי ביימער, און מענטשעלעך מאָדנע,
מיט פיסעלעך דינע און הענטעלעך לאַנגע ווי זוניקע
שטראַלן און אויגן ווי שטערן אין היימישן הימל,

און זונען ווי קינדער אויף טעפּעכער גרינע מיט
פייגל וואָס זענען געקומען צופליִען פון בלוטיקן
חלום — פון וועלדער פאַרברענטע צו אונדזערע ברעגן.

און חיות ווי טאַנקען, און טאַנקען — ווי חיות מיט
פייַערדיקע מאָרדעס צעקרימטע אין שלאַכטן, און ברידער
און טאַטעס ווי פייגל אין הימלען צעפלאַקערטע.

## דער בלאָער סך־הכּל

אויפֿן שוואַרצן טאָוול אין ליידיקן קלאַס
איז פֿאַרבליבן אַ וואָרט נישט דערשריבן,
אין ליידיקן קלאַס, ווײַס אויף שוואַרץ —
דער חשבון נישט אונטערגעצויגן.

שטייען די קינדער און ווילן דערגיין:
דאָס האַלבע וואָרט צי דאַרף מען פֿאַרמעקן?
דעם חשבון וואָס אָפּגעהאַקט אין דער מיט —
אפֿשר דערגאַנצן און פֿאַרסך־הכּלען?

ווער ווייסט וואָס קינדער צוטראַכטן קאָנען
ווען די שול האָט פֿאַרשטרײַקט
און אַלט איז מען זעכצן?

און וואָס מיינען די לערערס,
אַז קינד און קייט ליגן בײַ זיי
ווי מינץ אינעם בײַטל?
און קינדער מאַכן אַזאַ מין סך־הכּל:

גייט אַ בוכהאַלטער אַוועק פֿון דער וועלט —
פֿאַרבלײַבט אַ סך־הכּל אַ שוואַרצער אויף ווײַסן.
אַ לערער פֿאַרלאָזט אויף דער עלטער די ערד —
פֿאַרבלײַבט אַ סך־הכּל אַ ווײַסער אויף שוואַרצן.

און געלע, און גרינע, און רויטע סך־הכּלען
שטראָמען און פֿאַלן אַרײַן אין ים;
און דער סך־הכּל
פֿון אַלע סך־הכּלען — איז בלאָ.

## די ווייסע טויב אין רויטן שטייגל

מאָל איך פּאַפּירענע רעגן־בויגנס — פּאַר נח׳ס
קעשענע פּונקט ווי געמאָסטן — וועט העגנען
דאָס בילד אין תּיבֿה און וואַרטן ביז גאָט
פון שאַגאַל וועט מיר שענקען אַ נאָמען — — —

מאַטערן זיך טעג אונטערן טרוקענעם הימל
אָן רעגן־בויגנס (ס׳דערקוטשען חמסינען,
ווייל איך בין אַ גרינער) און רעמעלער
שוואַרצע — פּאַר מיינע בילדער — צו טייער.

און ביליקער ווערן די לייבער פון קינדער,
סע וואַקסן די הערנער אויף איציקלס שטערן,
די וועלט — אַ יאַריד טאַפּט זיין קעלבערנעם גורל
און רייפער ער ווערט צו דער שחיטה — — —

פאַרבלענד מיינע אויגן, איך זאָל נישט זען
דעם שמייכל פון פיינד, דעם צער פון מאַמעס
וואָס האָבן פאַרלוירן די סטעזשקעס צו שוועלן
און טאָפּטשען־אויס שטעגן צו שטיינער.

פאַרשטעל מיר די זון אין פאַרחלשטע טעג.
לעש אויס די לבֿנה אין עלנטע נעכט — ווען
אַכט און פערציק שעה ביזן גרוב, נאַקעטע ליבע
ערשטע לעצטע, צוויי — דער דריטער אַ יתום.

# אין צעזונגענעם ים

פון מײַן הויכן גאָרן מיטן נידעריקן הימל
צום רויטן דאַך — אונטערן הויכן הימל —
איך שווים אין גרינעם ים. אַ בלאָע
תּפילה איך הער ממעמקים.

דאָרט, מיר דאַכט, אונטער הילצערנער סטעליע
הערט מען נישט טופּען קינדערישע פּיסעלעך,
דעם גרילץ פון איבערגערוקטע בענקלעך
ווען מע זעצט זיך צום טיש.

דאָרט, אין צעוואָקסענעם גרין־גרינעם ים,
אונטערן רויטן דאַך אַ פּאַראַנקערטער אומעט
הענגט אַראָפּ פון דער הילצערנער סטעליע —
דער שיפּמאַן וועט נישט קומען — — — —

און איך בין אַ טראָפּן אין צעזונגענעם ים —
הערצער און קעפּ וואָס כוואַליען צום ברעג,
מײַן אייניקלס האַנט איך האַלט אין מײַן האַנט,
מיר שווימען צום כוואַליעברעכער.

אין ים פון קעפּ — נישט פאַר העק פון רוצחים,
ייִדישע הערצער — אָן פּחד פאַר גויִים,
נישט אונדזער בלוט שפּריצט ביזן הימל —
צעשפּליטערטע רעגן־בויגנס — — — —

## קרומע שפּיגלען אויף יאַרידן

פּאָר מיט אונדז קיין אויסלאַנד! פּאָר מיט אונדז!
און וואָס האָב איך אין פרעמדע קאַנטן נישט געזען?
און וויַיזן וואָס וועט איר מיר דאָרטן, וואָס?
סיַידן נייַסטע מאָדע — אַלטע זאַכן.

און וואָס האָב איך אין אויסלאַנד נישט געהערט?
אַלטע קללות, נייַער נוסח. פרישע וויצן, אַלטער שפּאָט.
אויף יאַרידן — קרומע שפּיגלען, שׂונאימס בליקן, —
לאַנגע מעסערס אין מייַן רוקן.

און וואָס האָב איך אין זיבן לענדער נישט געקויפט?
נישט איַינגעהאַנדלט: פּאָר מייַן תּליה — שטריק מאַנילער,
פּאָר מייַן קינד, מייַן הויזגעזינד — שטיינער
טייַערע, אייביקע, סאָראָקער.

און וואָס האָב איך אין אויסלאַנד נישט פאַרלוירן?
צי די נעכט וועל איך געפינען אויפן ברעג פון
פרעמדע טייַכן מיט פאַרשפּיגלטע סאָבאָרן, מייַנע טעג
אין קרעמעלעך מיט סוּווענירן?

פּאָר מיט אונדז קיין אויסלאַנד! נאָר מיט אונדז!
האָב איך דען נישט מיטגעבראַכט געגוג מתּנות?
שׂינאה — פולע טשעמאָדאַנעס, קאַסטנס — פּחדים,
צרות צרורות — פּעק און פּעקלער.
מוחל — — —

## וואַנדערונגען אין זיך און אַרום

שיין — אַזוי פיל מילדע שיין —
פאַר וועלטן צען, פאַר הונדערט וועלטן;
איך גיי אַרויס פאַרטאָג צום ברעג
און כ׳ברענג אַהיים אַ בלאָען חלום.

גרין — אַזאַ מין גרינע ווייט —
פאַר דורות צען, פאַר הונדערט דורות;
איך פאַר אַרויס גאַנץ פרי צום טאָל
און ברענג אַהיים אַ טרוים אַ גרינעם.

פרייד — אַזוי פיל פרייד און ברויז —
פאַר לענדער צען, פאַר הונדערט לענדער;
כ׳צעבייט אויף מײַלן אַ מעת־לעת
און ברענג אַהיים פאַרשייטע ווייטן.

טרייסט — אַזוי פיל פיין און טרייסט, —
פאַר אומות צען, פאַר הונדערט אומות.
אַ שענק מיר, גאָט, געשענקטע טעג
איך זאָל דערלעבן די נחמה;

פאַר יאָרן נע־ונד אין פרעמד
באַשער מיר היימיש־קלאָרע וועגן,
און מײַנע שטעגן אויף דער ערד
פאַרבינד מיט דײַנע דרכים, פאָטער.

## יִדישער שניי

75 יאָר קעשענעווער פּאָגראָם

און יאָרצײַטן האָב איך איבערגעלאָזט
אין שטאָט פֿון ווײַסער אַקאַציע,
דעם ביטערן ווײַן אין עלנטן כּוס
און טרערן פֿאַרקנאָטענע אין מצה־מעל —

פֿאַרבלוטיקטער פּסח אין חודש פֿון בלי
און מערדער אין שענקען פֿאַרכאַרקעטע,
דעם נײַעם מאַרק און די אַלטע בריק
מיט נײַן און פֿערציק דערהרגעטע.

און עופּעלעך צוויי — איין יאָר אַלט —
מיט אייגעלעך קאַלטע פֿאַרוווּנדערטע,
און פֿון אין די גאַסן — יִדישער שניי,
און פֿינעף הונדערט פֿאַרוווּנדעטע.

אַ זקן בין איך — אָט גיי איך אַוועק,
נאָר קינדער האָב איך פֿאַרוואָרצלטע,
צי וועלן די זין געדענקען אָן אונדז
נשמה־ליכט צינדן אין יאָרצײַטן?

כאָטש איבערשמעלצן מע מוז אויף געווער
די הייליקע לײַכטער די מעשענע,
פֿאַרגעסן מען טאָר נישט די קופּערנע שאַנד
אין שחיטה־שטאָט אַלטער, אין קעשענעוו,

און פֿון אין די גאַסן — יִדישער שניי —
און פֿינעף הונדערט פֿאַרוווּנדעטע,
און עופּעלעך צוויי — איין יאָר אַלט —
מיט אייגעלעך קאַלטע, פֿאַרוווּנדערטע.

אַפּריל 1978

## צוויי לייבעלער דיבעם

דעם אוצר פון שטאָט האָבן לייבן געהיט,
אויף שטיינערנע חיות בין איך געריטן.
אַ קליין גימנאַזיסטל כ'בין דעמאָלט געווען
מיט אַ מגן־דוד אויפן געצאַצקעטן היטל.

געוווּסט האָב איך: אונטערן הויז איז פאַראַן
אַ פאַרבאָרגענע הייל מיט שטאָלענע טירן,
ווי שייטעלער האָלץ אין סאַרײַ, ליגט דאָס גאָלד,
אין קאַסטנס — טײַערע שטיינער און צירונג.

(און נחום אַטאַצקי איז דאָרט באַלעבאָס —
אַזוי צווישן זיך פלעגן שמועסן די קינדער.
אַפילו צום קייסער גייט נחום צו גאַסט
מיט הענעטשעקס וועסט און הויכן צילינדער).

אוצרות — ס'האָט אָדום דאָס רײַכטום צערויבט
סײַ פון פּאַדוואַלן, סײַ פון נשמות:
דאָס גילדענע ציגעלע, דעם זילבערנעם כּוס,
דעם מעשענעם חנוכּה־לאָמפּ מיטן שמש...

אין שפּיגל געהאַט האָט מײַן טאַטע אַ שטאָט,
איצט איז פון דער שול נישט פאַרבליבן קיין סימן;
די ספרים פאַרברענט, דער פּרוכת — נישטאָ,
די שומרים — צוויי לייבעלער זענען אַנטרינען.

געהאַט האָב איך מזל — מײַן שטערן, דער לייב,
האָט מײַנע שוואַרצע חלומות צעטריבן.
אַנומעלטן האָב איך באַגעגנט אין שול
צוויי לייבעלער דיבעם.

## נישט פייגל, נישט עופות

רעב ייִד!
מען רופט מיך צום מנין — פון גאַס.
מייַן זיידע דוד, דער פעטער ישעיה,
מייַן שכן דער דיכטער — אין שול...

חלומות —
דער זיידע רעב דוד ז״ל
שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט,
מייַן פעטער ישעיה — אַ נעפּמאַן געווען
אין אָדעס, ציגל־פּאַבריקן געבויט אין
סיביר — געשטאָרבן אין מאָסקווע,
אים צו לענגערע יאָרן, מייַן שכן,
דער ייִדישער דיכטער פון דאָרט
(קיין האָניק אויך נישט געלעקט)
אַנומלט געשמועסט מיט אים
וועגן אַ קאַץ, אַ הינדיק,
אַבי אַן עוף אויף שבת,
און וועגן אַ צווייַגלדיק וויגל
וואָס הוידעט זיך נישט אין ווינט,
און וועגן חלומות פון קינדער
מיט פליגל אונטערגעהאַקטע
פון טראַכט, פון געבוירן.

זיצן פאַרנאַכט אויף פאַרענטשן
נישט פייגל, נישט עופות
און ציילן אויטאָבוסן
רויטע און בלאָע
וואָס יאָגן אַהין און צוריק
אַרום גרינעם פאַלאַפל
פון באַלויכטענעם
שטעטלשן פלעצל.

## געגאַנגען כ׳בין מיטן קורצן וועג

אין וועג צו דיר, חיימקע־ברודער,
האָב איך באַגעגנט שבתדיקע קינדער,
אַ תּימנער זקן פון נצח־ישׂראל
איינגעהילט אין פֿאַרגעלטן טלית
האָט געוואָרפן אַ קרומלעכן בליק
אויף מײַן זוניק־צעשטראַלטן ליסע קאָפּ.
דער שטילער וועג האָט זיך פֿאַרשעמט
און באַהאַלטן די אויגן אין פּרדס.

געגאַנגען כ׳בין מיטן קירצערן וועג:
אַ פערד האָט געדרעמלט לעבן אַ צריף
וואָס שטייט אויף אַלטמאָדישע פּיס
פון בלינדן און שטומען מפּרנס.
אַ צעקאַליטשעטער באָרוועסער טענדער
מיט פליגל צעפּלעטשטע און צערויבטע געדערים
האָט מיך באַגלייט ביזן ערשטן ווינקל
מיט שוואַרצע בליקן פון ליידיקע פורן.

בין איך געגאַן מיטן קורצן וועג
און געקומען בין איך — נישטאָ די מזוזה,
ס׳קלינגט נאָך דאָס גלעקל אין ליידיקער שטוב.
די עולים פון בערלאַנד האָבן געזאָגט:
„אַ טײַערער שכן געוועזן דער שרײַבער —
איצט וווינט ער אין אור יהודה...״
און איך שוועב נאָך אַלץ אין נצח־ישׂראל
מיט שבתדיקע קינדער און תּימנער זקנים.

## באַלאַדע וועגן שומר־שבת פון אֶדום

דער גר געראַסימאָוו האָט מיר דערציילט:
„האָרך צו — הרי אני כבן שבעים,
דעם סדר געפּראַוועט האָב איך אין בני־ברק
ווי רבי אלעזר און רבי עקיבא.

מיר האָבן געזונגען, געזאָגט ביז פאַר טאָג,
דערציילט פון יציאת מצרים — — —
איך האָב געקלערט, געשטוינט און באַטראַכט
דעם מופת פון מײַן באַפרײַונג..

אַ סובאָטניק אין אֶדום בין איך געווען
פון סלאַווישן שטאַם, פון געבוירן,
און שבת האָב איך און מײַן בהמה גערוט,
ווי סע זאָגט אונדזער הייליקע תורה.

מען האָט מיך גערודפט אין אֶדום, געיאָגט —
איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן,
אָפּגעהיט האָב איך גאָטס שענסטע געבאָט,
וואָס טײַערער ס׳איז פון מײַן לעבן.

און טאָג ווי נאַכט דעם בורא געדינט,
געלייענט און געלערנט די ביבל,
געשעפּט און גענאָסן פון לויטערן קוואַל —
דעם גלויבן פון פרײַהייט און ליבע.

אָט בין איך געקומען אין הייליקן לאַנד —
אַ סלאַוו און אַ רוס פון געבוירן,
פאַרבונדן האָב איך מיטן יידישן פאָלק
מײַן לײַב־און־לעבן — מײַן גורל.

און איטלעכער צה״ל־זעלנער איצט איז מײַן זון,
און איך, געראַסימאָוו, זײַן פאָטער;
זײַן ערד איז מײַן ערד, גאָט — איז מײַן גאָט,
זײַן תּורה און אַלע געבאָטן — — —

אַ שומר־שבת כ׳בין אין אָדום געווען,
מען האָט מיך פאַרפּאָלגט און געפּײַניקט,
כ׳האָב זוכה געווען צו באַטרעטן דאָס לאַנד
ווו שבת איז שלווה און תּענוג —

און דאָ — שטראָף מיך נישט גאָט פאַר די רייד —
דײַן פאָלק איז מחלל שבת,
דײַנע געבאָטן מע טרעט מיט די פיס
אין געיעג נאָך ערדישע תּאוות.

שבת, דײַן ליכט האָט געבראַכט מיך אַהער,
אויף פליגל צו דיר כ׳בין געפלויגן.
און דאָ — שטראָף מיך נישט גאָט פאַר די זינד —
וואָס זעען מײַנע זקנישע אויגן?

גאָט, שיק דײַן שליח אַראָפּ אויף דער ערד
און וואָרענען זאָל ער, דער נביא:
היט אָפּ׳ם שבת — דאָס שטאַרקע געווער —
דעם דור אין גאָטספאַרכטיקייט באַוועט.

און איך, געראַסימאָוו דער גר, זאָג מײַן וואָרט
און אָנצינדן שבת־רום זאָל עס;
אַ סובאָטניק אין אָדום בין איך געווען —
מײַן שבת געווען איז אין גלות.

## חיה ליפשיץ־גאַס אויפֿן שיידוועג

צווישן שטערן און מזלות
הוידעט זיך דײַן ברוסט,
איבער ברינעמער פֿאַרשטאָפּטע
הענגט דײַן עמער פּוסט...

חיה ליפשיץ, כ׳לאָז דיך איבער מיטן ריז אין גאַס.
דיר אַ ליק האָט ער געשאָנקען, מיר — זײַן רויטן האַס.
זע, ער וואַרגט זיך מיט דײַן נאָמען און די שׂינאה גליט.
ער פֿאַרטויבט געבעט פֿון ברידער אין געהילך פֿון טריט.
זײַן געזיכט איז אויסגעטריקנט ווי אַ גרויער קאָרטש,
זײַנע אויגן — טויטע קוואַלן — שפּעטן פֿון דײַן דאָרשט.

גיי איך זוכן אַלטע קוואַלן, כאָטש אַ טרונק — אַ לעק...
ביזן פֿעלדז אין וואַנדער־מידבר פֿירט אַ לאַנגער וועג:
משה שווימט נאָך אינעם קויבער, פּרעהס טאָכטער שלאָפֿט,
יתרו פּאַשעט צווישן דערנער זײַנע שוואַרצע שאָף.
משהס שטעקן איז אַ צווײַג נאָך אויף אַ קרומען בוים
און דער קוואַל פֿון מי־מריבה ברויזט אין פֿעלדזן־צוים.

ברומען וועט דאָס פֿאָלק, וועט פֿאַלן משהס שטאָק מיט האַסט
און דער קוואַל וועט זיך צעגיסן ווי דעם בוראס כּעס —
ס׳לאַנד זעט משה פֿון דער ווײַטנס — פֿונעם באַרג נבֿו —
און דער נביא וועט פֿאַרשווינדן אינעם מאָרגן־גראָ.
ער דאָס לאַנד האָט נישט באַטראָטן — נישט געווען באַשערט.
דײַנע ברידער, חיה ליפשיץ, טרעטן אויף דער ערד.

שוועסטער מײַנע, ס׳האָט אַ שטערן אויסגעברענט אומזיסט.
יוגנט מײַנע, איך פֿאַרלאָז דיך מיט דײַן רויטן ריז...
אויף דײַן ווײַסן האַלדז ווי צוואַנגען זײַנע געלע הענט,
זע, ער וואַרגט זיך מיט דײַן נאָמען, זײַן רציחה ברענט,
חיה ליפשיץ, איך פֿאַרלאָז דיך מיט דײַן גאַס אין שטאָט,
נאָר דײַן נאָמען איבערפֿלאַנצן כ׳וועל אין קדושים־סאָד.

# באַלאַדע וועגן יחיאל פּאַטלאַזשאַן

פּאַגראַמשטשיקעס האָבן אים אויסגעשטאָכן
די אויגן, נאָר נישט דעריקוילעט — ער איז
געשטאָרבן אין טיפן עלטער.

דאָס ליכט פון די אויגן צוגערויבט האָט מען אַפריִער,
נאָר יחיאל פּאַטלאַזשאַן האָט די רוצחישע האַק אויסגעמיטן.
אַ יובל געוואַרט האָט זײַן אָרט אויפן הייליקן אָרט —
צווישן הונדערט מצבות אַ ליידיקע קרקע אין מיטן.

געציטערט האָט איבער די דעכער פון היימישער שטאָט
זײַן עלנטער שטערן אין הימל ווי אַ בלוטיקער טראָפּן.
יחיאל האָט געקענט אַלע ברוקשטיינער אונטער די פיס,
ביז לעצטער רגע איז געהאַנגען די האַק אים צוקאָפּן.

אין שחיטה־שטאָט האָבן שוין שטערנדלעך רויטע געברענט,
„געלויכטן די זון איבער פעלקער פון ביראָ ביז טאַלין" —
אין קעשענעווו האָט מען באַגלייט רעב יחיאל פּאַטלאַזשאַן
און נאָכגעגאַן איז מיט דער פּאַן דער שאָטן פון תּלין.

אין הימלען האָט זיך גערודערט — רעב יחיאל סגי־נהור!
אַרויסגעגאַן איז אים מײַן זיידע הקדוש יחיאל אַנטקעגן:
— יחיאל? — נאָר צוגעלייגט האָט ער אַ פינגער צום מויל.
מײַן זיידע פאַרשטייט דעם ווונק: גלײַכער נישט פרעגן.

— יחיאל? — נאָר יחיאל פּאַטלאַזשאַן האָט פאַרביסן אַ ליפּ
און פירט מיט דער האַנט איבערן האַלדז עלעהיי אַ חלף.
— יחיאל, דער צאַר ניקאָלײַ איז נישטאָ — איז דאָך גוט?
נאָר יחיאל שרײַבט אין דער לופטן אַ „לא" מיט אַן אַלף...

— יחיאל, געוועז ביסטו בלינד און איצטער אויך שטום;
די צונג, מײַנע שׂונאים, צי האָבן זיי דיר אויסגעשניטן?
נאָר יחיאל פּאַטלאַזשאַן שטעקט אַרויס אַ געשטעמפּלטע צונג —
לאמור — שווײַגן באַפוילן סע האָבן די רויטע שליטים.

און יחיאל פּאַטלאַזשאַן האָט געטײַטלט מיטן פינגער אַראָפּ,
געוויזן דערנאָך ווי שטערן מע, ציילט אין די פּאָלעס.
האָט מײַן זיידע פאַרשטאַנען — איבערגעציילט און געזאָגט:
— כ׳פאַרשטיי, ס׳איז אָדום, דאָס לאַנד פון דרײַצן מזלות.

(ווײַל חוץ דעם טוץ גליקן וואָס איטלעכן גאָט האָט באַשערט
מיט אַן איבעריקן מזל די מענטשן דאָרט ווערן געבוירן:
אַ בלוטיקן שטערן טראָגט איעדער ווי לאַסט ביזן גרוב,
ווי אַ קאַטאָרזשאַן זײַנע קייטן, — זאָל היטן דער בורא).

האָט מײַן זיידע געזאָגט: — יחיאל, דער צאַר ניקאָלײַ —
אַ יובל זינט ער איז נישטאָ, נישטאָ שוין דער פּגר.
האָט יחיאל פּאַטלאַזשאַן אַ וואָלעכיש ווערטל געזאָגט:
„דער וואָלף בײַט די פעל, ער בײַט נישט דעם שטייגער".

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין הימלען האָט זיך גערעשט: רעב יחיאל פּאַטלאַזשאַן!
אַרויסגעגאַן זענען אים הונדערט קדושים אַנטקעגן

אין קעשענעוו שרײַען די קישנס צוקאָפּן אין שלאָף,
אין שחיטה־שטאָט שאַרן זיך שאָטנס פון שטילער עקדה.

## דער גרינער זיידע שמייכלט

ווו קויפט מען זיידעס? מײַן אייניקל זאָגט:
אין בית־החולים, אויף דער מאַמעס אַרבעט.
אַ זיידע באַקומט מען אַפּילו אומזיסט,
ווײַל סײַ ווי סײַ וועט ער שטאַרבן...

ביסט ווײַס, אָט וועל איך דיך איבערפאַרבן,
שוואַרצע פאַרב האָב איך, אַ פּינדזל אין נעם: —
האָב נישט קיין מורא,עס וועט דיר נישט ווייטאָן,
קיין פּיפּס נישט געטאָן האָט מײַן ליאַלקע אַפּילו.

מיט שוואַרצע האָר איז מען נישט קיין זיידע?
איז וואָס? פאַראַנען אַ מענגע קאָלירן.
זע, אָט מאָל איך אַ גרינעם זיידן
און אַ זיידן מיט אַ רויטער פאָן.

די זיסקייט צעגייט זיך מיר אין די ביינער;
איך שמייכל. זי ווײנט: — ווײן נישט, קינד,
וואָס איך האָב צעריסן דעם רויטן זיידן
און די פּיצפּיצעלעך צעזייט אויפן ווינט.

נעם איך אַ פּינדזל — מיר מאָלן אינאיינעם,
איך און מײַן אייניקל, זיידעס אַ סך:
דאַרע און הויכע, געלע און גרינע,
אַ בלאָער זיידע באָדט זיך אין ים.

געפעלט מיר גראָד דער זיידע דער גרינער,
ווי איך אויף דער עלטער — הערן און זען:
מײַן אייניקל וואַקסט, ווי אַ ביימעלע וואַקסט זי
אין גרינעם רעגן און גרינעם ווינט — — —

## ווי אַ ווײַסער כּפּרה־האָן אונטערן טיש

און אַז מיר כאַפּן דעם ווינט — איז ער שוין
אַ ווינטל מיט גרימעניש אין בויך און אַ שיטערן
מאָגן, מיט פאַלשע ציין און אַ פול מויל קלאָטשע —
נישט פאַר גאָט, נישט פאַר לײַט — עובר־בטל.

און אַז מיר כאַפּן דעם ווינט — איז ער שוין
אַ קעסט־קינד אין באַרימטן בית־אָבות אויף אַ
פאַרוואָרפענעם אינדזל צווישן שטעט באַזעצטע
אינעם פּלאָנטער פון געפּערלעכע וועגן.

און דער אמתער ווינט מיט די פײַערדיקע רעדער
אויף באַפליגלטע פערד ווי אָדלערס אין הימל
האָט פאַרטראָגן דעם נביא מיטן לעדערנעם גאַרטל
און אַנטרונען מיט אים אין די וואָלקנס.

און אַ נעבעכדיק ווינטל מיט פאַרסמאַליעטע פליגל
ווי אַ געפּילטער כּפּרה־האָן מיט פּעטש על־חטא׳ן,
ליגט אויפן טיש אין דער זילבערנער קערה
אויף אָפּקומעניש אַן אויסגעשטעלטער.

און ערב יום־כּיפּור איז געווען נאָך יום־כּיפּור
און צווישן — אַ קײַלעכדיק יאָר מיט שפּיצן;
אויף שפּיצבערג פאַרשנייטע — אונדזערע קינדער
אין הימל פאַרשפּיצטע — — —

אַ קײַלעכיק יאָר אויף שפּיצן פון מעסערס, זאַלץ
אויף די ווונדן, אויף שפּיץ־צונג דאָס וואָרט
פון טרייסט נישט געטרייסטער, אויף שפּיץ־נאָז
דער שנאָל, כ׳זאָל פאַרגעסן דעם חלום.

## אַפילו דער ממזר

און דו — אַ קליינטשיק שטיקעלע ערד ווי אַ קינד,
אין די אָרעמס האָסטו געפּעסטעט, אַ ביימעלע פֿאַר־
פּלאַנצט, אַ שאָטן צעשפּרייט, און געוואַרט — זיך
דערוואַרט — איך בין דאָ, כ׳בין געקומען.

פֿון יענעם שיידוועג, אַ יובל די ווײַט, געדענקסט,
אַרומגערינגלט האָב איך די וועלט — זיבן מאָל זיבן
זיבן הונדערט יריחוס. און דער סך־הכּל: איך שטיי
אויף דײַן שוועל ווי אַ בעטלער.

דו, האַר פֿון פֿעלדער און זילבערנע וואָלקנס, פֿון
שטיינבערג צופֿוסן באַוואַסערטע טאָלן, קוואַלן און
טײַכן מיט מילער און האָניק, און אָזערעס פֿיש —
בײַ דײַן שבת־טיש כ׳בין אַן אורח.

און איך בין דער נאַר, דו — קלוג ווי די וועלט,
ווי אַ זקן וואָס האָט נישט פֿאַרשלאָפֿן זײַן וועלט,
ער ליגט אין די נעבט און זעט די זון אין שוואַרצע
פֿאַרבאָרגענע אויגן פֿון תּהומען.

און איך בין דער חכם וואָס האָט זיך באַנאַרישט
ווי אַ מויד פֿאַר דער חופּה — דעם חתן פֿאַרלוירן;
זי וועט פֿאַר דער וועלט נישט באַהאַלטן איר בושה,
סײַדן צונעמען גאָט וועט דעם ממזר.

נאָר מלאכים אין הימל קומען אָפּ מיט אַ מילא.
זיי שרײַבן און מעקן, פֿאַרמעקן און שרײַבן;
זיי פּאָרן — נאָך איידער מיר ווערן געבוירן —
אַפֿילו דער ממזר זאָל האָבן אַ זיווג.

## אַ חתונה אויף שטאָלצן

דער חתן אויף שטאָלצן איז העכער פון אַלע,
אַט פירט מען צו'ר חופּה אויף שטאָלצן די כּלה,
אויף שטאָלצן דער רב און די מחותּנים,
אויף דראָנגעס די חופּה — ביז דער לבֿנה —
און לענגער פון גלות די ליכט ביזקל שטערן
מיט בערעכעס גרויסע און קלענערע בערן.

אויף שטאָלצעלעך קירצערע קינדערלעך קליינע,
זיי לויפן און שטיפן, זיי לאַכן און וויינען —
שפּאַצירן אונטער פירשטאָלציקע טישן.
די קינדער אין וויגעלעך — כאַפּן אַ פישל,
ס'פּאַרמעסטן זיך יינגלעך, ווער ווייטער, ווער העכער,
און פישבוויגנס שפּריצן אַריבער די דעכער.

קומט דאָס פּאָרל אַרויס פון יחידות־חדר,
וויל נישט פון זיי די לבֿנה זיך שיידן.
פירעקעכדיק איז זי אַצינדער, די בלאַסע
מיט אַ רויז אין פאַלדן פון חופּה־קלייד ווייסן.
און אַ ברוך־הבא צימבלען אָפּ די כּליזמרים —
די וועלט איז שוין ווידער מעוברת געוואָרן.

מלאכים אויף שטאָלצן קלאַפּן אין טאַצן —
אַ רעדל אין ראָד — הויכע געסט טאַנצן,
און העכער פון אַלע די כּלה, דער חתן,
סע האָפּקען אויף שטאָלצן די הײַזער אין דרויסן —
אַ רעדל אין ראָד און אַ רעדל אין ראָד,
סע טאַנצן די גאַסן, אויף שטאָלצן — די שטאָט.

## סימן־טוב און מזל־טוב

בין איך געגאַנגען מיט נצח־ישׂראל —
די שכונה פון שכינה באַנײַטער.
באַגלייט מיך אין הימל אַ פולע לבנה
און ס׳רופט אויף דער ערד מיך אַ שײַטער.

סע שפּילן כּליזמרים.
מענער און פרויען —
צוויי ר׳עדער אויף אַקסן באַזונדער —
אַ ראָד מיט דער כּלה, אַ ראָד מיטן חתן,
מזלות — געקניפּט און געבונדן,
ווי ציינרעדער צוויי —
ס׳רעדלט די שׂמחה,
נישט האַלבמויל, נישט האַלבקול זינגער.
די גאַנצע נשמה, סע זאָגן די ביינער,
דער גומען, די ציין און די צינגער.

אַ האַלבער נגיד — אַ גאַנצער מחותּן —
עס טאַנצן די פּיאות און ציציות,
דאַכט זיך, אַצינדער אויף הימלען ברוקירטע
אַ רײַטוואָגן קלאַפּט אויס אַ ניצוץ.

און סימן־טוב — טראַכט איך,
און מזל־טוב — זאָג איך,
ייִדן און רחבותן נײַע!

## נעכטיקע ווײַטן

נעכטיקע ווײַטן
מט שטיינער אין האַרצן —
נישט בראָכשטיין, נישט ברוקשטיין
אויף ראָגן פון וועגן;
טראָגן נישט־לאָמע מדינה־גייערס
הויקערס אין טאָרבעס
צו ליימענע שוועלן.

נישט נעבעך — דלות
גייט איבער די הײַזער—
גלײַך אין די שטיבער
דערשײַנען פאַרשווינען
מיט וואָגל־גיטאַרעס
געשניצטע פון ווערבעס —
זיי דרימפּלען אויף סטרונעס
און זינגען מיט דבקות:
ירושלים פון גאָלד און פון קופּער
און שטיינער צעגליטע...

שפּרינגען אַרויס פון געפּשרטע כּלים
צעהיצטע מלאכים
אויף ברוגזע שליאַכן —
סע קאָכט און סע זידלט,
סע וואַרפט און סע האָגלט
דער ווילדער סמבטיון
וואָס רוט נישט אום שבת.

## דער לעצטער סדר

גייען אַרום אין די נעבעכדיקע וועלטן
נעבעכדיקע היַינטן און נעבעכדיקע מאָרגנס —
זיי נעבעכדיקן נישט
דאָרט ווּ זיי טאָגן —
זיי גייען אַריבער פון חלום צו חלום
באָרוועסערהייט
פון גלאַנציקע וועגן
אויף שטעגן מיט שפּיציקע שטיינער
און גלעזערנע שפּליטערס —
צעשטערטע געמאַרקן.

זיי גייען אַריבער פון איין וועלט
אין צווייטער,
אַדורך קאָרידאָרן פון וויַיסע
שפּיטעלער מיט וויַיסע כאַלאַטן
און וויַיסע מלבושים —
זייער טאָג איז אַ וויַיסער
זייער נאַכט איז אַ וויַיסע.

אַ זקן אַ וויַיסער
אין זאָקן אין וויַיסע
פּראַוועט דעם סדר
דעם לעצטן.

## וועמען דערציילן?

אַ זאַמדיקע שטילקייט אין מידבר.
האַלב ניסן.
שיפט זיך אין הימל
אַ קערה מיט כּרפּס, חרוסת
און מרור,
און גערגעלעך ציילן מכּות מצרים
לויט רבי עקיבא —
פינפאַכיק, צענפאַכיק
אין לופט, אויפן ים,
און אויף דער יבשה.

מלאכים באַצירן די נײַע הגדה:
איבערן ים־סוף אַ רעגן־בויגן —
נישט פערציק יאָר ויחנו ויסעו,
פערציק מינוט
פון פּיתם ורעמסס
ביז ירושלים — — —

וועמען דערציילן?
נישטאָ ווער זאָל פרעגן.
בנים — ווי צעדער —
איבערגעוואַקסענע,
אין דער הגדה —
אַרײַנגעוואַקסענע.

# אינהאַלט

## צווישן ים און שלאַכטן


שחרית 7
* איך שטיי ווידער אויף דער ערד 7
* דאָס גאַנצע לאַנד איז אַ מזבח 8
* און דערזען האָב איך דעם גלות 8
* כ'בין אַנטלאָפן צו די קינדער 9
* און אַרויסגעוואָרפן האָב איך 9
* פון דער נעסט אַרויסגעפליגן 10
* ערשטער יאָרצײַט — נאָך אַ רינג 11
די פרוי 12
* דײַן העמדל 13
* איך בין אַ באַזאָרגטער 13
* מײַן לייבעבע זיסע 13
* איך בין דײַן באַשערטער 14
* מיר זאָגט אָן די מעווע 14
דער ערשטער 15
* שלאָפן די וועגן 15
גאָט, ווי נאַריש 16
* אַ פלוצימדיקער רוף, אַ פרווו 16
אומעט — אַ ים 17
ליידיקע שטולן 18
* ימים־נוראים אַ קײַלעכיק יאָר 18
* פאַרבאַטענע שחיטה 19
* איך מאָל נישט קיין בילד 19
אין אָפענעם ים 20
* הוידען זיך קינדערישע וועלטן 20
אין שוימיקן זאָטל 21
* לויפן די פערדלעך 21
אין קרײַזעניש 22
* און טיפער פון טיף איז די הייך 22
* און אַלץ וואָס אין קרײַזעניש כ'שרײַב 22
קאַיאָר אין טאָל 23
* דער באַרג הייבט זיך אויף פונעם טאָל 23
נאָר דער ווינט 24
גילגולים פון כמאַרעס 25
* נײַן, נישט אויף זאַמד 25
באַלאַדע וועגן עלנטן גרעבער 26
דער הילצערנער בושל 28


## מזל שירה


* אויגן ווי בליצן 29
דער שני־למלך אין גאַסן 30
באַלאַדע וועגן אַלט־געבאַקענער חלה 31
מײַן באַלעבאַסטע 33
דיר — אָן אַ ווידמונג 34
גאָט איז געווען מײַן שכן 35
געפין איך אַ שטעקעלע 36
אַ צלם — אויף דײַן וואָרט 37
וועבט זיך אַ מעשׂה 38
זאָל האָבן מײַן ליד אָן עליה 40
די לעצטע פּאָדקאָוועס 41
דאָס זילבערנע וויגליד 42
דער אייביקער משל
א. אַוועק איז דער דיכטער 43
ב. אויף שטעגן און וועגן 43
ג. זוכן דעם טאָג אין לעבן 44
ד. און אויסגעשיילט האָט זיך די וואָר 44
מיר גייען צופוס 45
יידיש־מאַרסאַיִיש 46
מזל שירה 47
אַ לויב צום אין־סוף 48


## ביימער זאָגן ווידוי


* נישט קיין אורח אין דײַן חלום 49
צאַרטע שאָטנס 50
* איך שרײַב 50
איך קאָן דיר צוליב טאָן 50
ס'איז פּאָלג מיך אַ גאַנג 51
* זע, עלנט־ווײַ־ווילדגראָז 51
דער איכישער טורעם 52
פונעם אייבערשטן גאָרן 52
וואַנדערט אַ כמאַרע 53
דער שטיינערנער מבול 54
אויף אַש פון פרדסים 56
בלעטערפאַל לעצטער 57
מײַן בלאָער תק"אלף 58
איך ניי מיר אַ בײַטל 59

האַלב אויף האַלב 60
ביימער זאָגן ווידוי 61
שאָטנס אין מידבר 62
תהילים לעבן גרינעם טירל 63
ער איז געקומען 64

## שטערן אויפן יאַריד

אָמר — געזאָגט האָט דער בייגלמאַכער 65
מקח־טעות 66
זעכציק יאָר פּחד 67
רויטבענדלדיקע פּאַפּירן 68
ווען הימלען געווען זענען העכער 69
שטערן אויפן יאַריד 70
פֿאַלט אַראָפּ אַ שטערנדל 71
מזל בתולה
א. לאַנג בין איך צו איר געגאַנגען 73
ב. אין אַ גוטער שעה געקומען 73
ג. שטערן־זעער, קוק אין הימל 73
ווען עס יאָמערן אַרומען
א. גיך בין איך צו דיר געפלויגן 74
ב. איצטער ווייס איך — כ'בין געקומען 74
ג. זיבן מאָל בין איך געפאַלן 74
זכות בנים 75
באַלאַדע וועגן שכן איוואַן 76
לאַנגע דורות פאַרזאַמט און פאַרשלאָפן 78
דער מאַרק אָטעמט ווידער 79
ס'פעלט מיר אַ בלעטל 80
אַפילו אין רויך פונעם קוימען 81
גרינער באַגינען 82

## יאָרן אין די הענט

אָמר — געזאָגט האָט דער היטלמאַכער 83
עזרא נומער אַכט 84
* איך האָב דיך געבענטשט 84
* און דאָ איז דאָס אָרט צו דערציילן אַ מעשה 85
* אין פישער־האַפן האָב איך געאַרבעט 86
* . . . און קינדוויַיז 87
* אין רויטן קעמערל האָט מען באַשלאָסן 89
* ברידער, אַ בשורה מיר ברענגען דער וועלט 89
דאָס ליד פון שיכּורער יוגנט 91
* בילדער און געצן 91
* אַ רגע — אַ בליץ 92
* למאי זאָל איך לייקענען 93
* אַ בליץ — כהרף עין 93
* אַ כהרף־עין — אַ רגע 94
יאָרן אין די הענט 96

## נעכטיקע ווייַטן

* אָמר — געזאָגט האָט דער בעל־חלומות 97
שאַרבנס און שערבלעך 98
פאַרכמאַרעטער הימל אין בוזעם 99
* צי קאָן מען אַרויס פון דער אייגענער הויט? 99
רויטע ווינטמילן האָבן געמאָלן 100
ווי פייגל אין הימלען צעפלאַקערטע 101
דער בלויער סך־הכל 102
די ווייַסע טויב אין רויטן שטייַגל 103
אין צעזונגענעם ים 104
קרומע שפיגלען אויף יאַרידן 105
וואַנדערונגען אין זיך און אַרום 106
ייִדישער שניי 107
צווייַ לייבעלער דיבעם 108
נישט פייגל, נישט עופות 109
געגאַנגען כ'בין מיטן קורצן וועג 110
באַלאַדע וועגן שומר־שבת פון אַדום 111
חיה ליפשיץ־גאַס אויפן שיידוועג 113
באַלאַדע וועגן יחיאל פּאַטלאַזשאַן 114
דער גרינער זיידע שמייכלט 116
ווי אַ ווייַסער כפרה־האָן אונטערן טיש 117
אַפילו דער ממזר 118
אַ חתונה אויף שטאָלצן 119
סימן־טוב און מזל־טוב 120
נעכטיקע ווייַטן 121
דער לעצטער סדר 122
וועמען דערציילן? 123

## ביכער פון חיים זעלצער:

**רו און רויִנען**
לידער און באַלאַדן
**צייכענונגען — פון מחבר**
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1975

**פון היימישן ברונעם**
לידער און באַלאַדן
**צייכענונגען — פון מחבר**
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך", תל־אביב, 1976

**אין גרינעם טאָל**
לידער און באַלאַדן
**צייכענונגען — פון מחבר**
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1978

באַשטעלונגען ביטע שיקן צום מחבר:
**חיים זעלצער, רח' אוסישקין 14/17,**
**הוד השרון — Israel**

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

אריה שמרי / וואָרצלען, אַנטאָלאָגיע פון ייִדיש־שאַפן אין ישׂראל
ישעיהו שפּיגל / פלאַמען פון דער ערד, ראָמאַן
רחל פישמאַן / דערגער נאָכן רעגן, לידער
מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי, ייִדיש — ד. שטאָקפיש
רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווײַזער, עסייען
רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן, לידער
ריקודה פּאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים, דערציילונגען
יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן, לידער
משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פּאַריז, דערציילונגען
אריה שמרי / דאָס ייִנגל פון דיזשאַן, פּאָעמע, צייכענונגען יואב שועלי
רפאל מאַהלער / ספר סאַניק, היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות
משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט, דערציילונגען און מיניאַטורן
אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער, לידער און פּאָעמעס
מנוחה ראָם / אַרום דער ווערבע, דערציילונגען
משה זאַלצמאַן / ... און מען האָט מיך רעהאַביליטירט
איבערלעבונגען פון אַ ייִדישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד
אברהם שלאָנסקי / לידער, אָפּקלײַב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג
ייִדיש — משה יונגמאַן
משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן, עסייען און פּראָפילן
רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער, לידער
ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן, לידער
מלכה חפץ־טוזמאַן / בלעטער פאַלן ניט, לידער
ב. דעמבלין / טאָפּלבאַנד: אַ פרעמדע וועלט; אין נײַעם לאַנד, ראָמאַנען
ישעיהו שפּיגל / די קרוין, דערציילונגען
משה יונגמאַן / רעגן־בויגן צוקאָפּנס, לידער
דאַרע טייטלבוים / געזאַנג פון זינקזאַמד דור, לידער און פּאָעמעס
יעקב צבי שאַרגעל / מויערן אין די בערג, לידער
נח גריס / פון פינצטערניש צו ליכט, עסייען וועגן ישעיהו שפּיגל
אליעזר קופּערמאַן / פון וועלט צו וועלט, דערציילונגען
משה זלצמן / וזכיתי לריהאביליטציה, מייִדיש — גרשון לימור
מלכה חפץ־טוזמאַן / אונטער דײַן צייכן, לידער
רחל אויערבאַך / וואַרשעווער צוואָות, וואַרשע 1933—1943
יעקב פרידמאַן / לידער און פּאָעמעס, דרײַ בענד
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון פּראָפ. יודל מאַרק
מאיר חריץ / לידער צו אייגענע, לידער און פּאָעמעס
אריה שמרי / רינגען אין שטאָם, לידער און פּאָעמעס, צייכענונגען — ב ע ן
יעקב י. מײַטלים / אין גאַנג פון דורות, עסייען
יהודה לייב טעלער / דורך ייִדישן געמיט, לידער
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון אריה שמרי

י. ח. בילעצקי / בײַם קוואַל פון קאָצק, פּאָעמע
שלמה שטאָקפיש — אין ראָד פון צאָרן
איבערלעבונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה
ישעיהו שפּיגל / שטערן ליַכטן אין תהום, געזאַמלטע דערציילונגען — 1940־1944
צוויי בענד. שער־בלאַט, פּאָרטרעט פון מחבר און צייכענונגען — פון בען
חיים זעלצער / פון היימישן ברונעם, לידער און באַלאַדן. צייכענונגען פון מחבר
י. ח. בילעצקי / איציק מאַנגער, פּרקי מסה
אַברהם נאָווערשטערן / סוצקעווער־ביבליאָגראַפיע
רשימה פון אַ. סוצקעווערס שאַפונגען אין ליד און אין פּראָזע
און פון אָפּהאַנדלונגען וועגן זײַן שאַפן
לייב אָליצקי / פון דער היים און פון דער פרעמד, דערציילונגען
הירש אָשעראָוויטש / געזאַנג אין לאַבירינט, לידער און פּאָעמעס
רחל קאָרן / פאַרביטענע וואָר, לידער
פּאָרטרעט און צייכענונגען — סילוויאַ אַרי
משה יונגמאַן / אין לאַנד פון אליהו הנביא, לידער און פּאָעמעס
בער מאַרק / מגילת אוישוויץ, מיט דאָקומענטן געפונענע אין אוישוויץ
יעקב צבי שאַרגעל / פון אַנהייב אָן, עסייען
רחל אויערבאַך / בײַם לעצטן וועג, אין געטאָ וואַרשע און אויף דער אַרישער זײַט.
וועגן רחל אויערבאַך — פּראָפ. דב סדן און ד"ר יוסף קערמיש
דוד האָפשטיין / לידער און פּאָעמעס. צוויי בענד. צונויפגעשטעלט פון פייגע
האָפשטיין. צייכענונגען פון מאַרק שאַגאַל. פּאָרטרעטן געצייכנט פון ס. שור,
הלל האָפשטיין און ה. אינגער
מלכה חפץ־טוזמאַן / הײַנט איז אייביק, לידער
אריה שמרי / אויף גרינעם פּאַרמעט, לידער און פּאָעמעס
ישעיהו שפּיגל / צוויי דערציילונגען — שני סיפורים. תרגם: מרדכי אמיתי
ישעיהו שפּיגל / צווישן תּו און אַלף, געקליבענע לידער
יוסי גמזו / לענדער פון דאָרשט, לידער
עסיי און איבערזעצונג: פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי.
צייכענונגען — דער מחבר.
יהודה קערש / דער וועג פון אַ פאַלק
שמואל יוסף עגנון / צווישן אַלט און ניי, אויסגעוויילטע דערציילונגען.
ייִדיש: חיים גורט.
יצחק בורשטיין־פינער / מיין מאַמע — סקיצן, דערציילונגען, נאָוועלן
יעקב פרידמאַן / געזען אויף אַ וויַיל
אַברהם סוצקעווער / דאָרטן ווו עס נעכטיקן די שטערן, דערציילונגען.
צייכענונגען: יאַני פיַין
הירש אָשעראָוויטש / בלויע בומעראַנגען, לידער און פּאָעמעס
חיים זעלצער / שאָטנס אין מדבר, לידער און באַלאַדן